# אין די נעגעל פון קריעג

פון

אַנדרעאַס לאַצקאָ

איבערזעצט פון

ד. קאַפּלאַן



„פאָרווערטס“ אויסגאַבע
1920

„איך בין איבערצייגט, ס'וועט
קומען א צייט ווען אלע וועלען דענקען
ווי איך רעדק".

## אינהאלטס-פערצייכניס:

I

# אוועק אין מלחמה

שפעט אין אסיען דעם צווייטען יאהר פון דער מלחמה. א גארטען פון א קריעגס־האספיטאל אין אן עסטרייכישע קליינשטעדטעל, וועלכע איז געלעגען אהינטער בעוועלדערטע בערג, אבגעזונדערט פון דער וועלט ווי מיט א דיקע וואנד, און האט געטראגען א שלעפעריגען צופריעדענעם אויסזעהן.

טאג און נאכט האבען די לאקאמאטיווען זיך פערביי־געצויגען, פייפענדיג. אייניגע פון זיי האבען געשלעפט צום שלאכטפעלד צוגען, אנגעפילט מיט סאלדאטען, וועלכע האבען געזונגען, געמאכט קולות. אנדערע זיינען געוועזן הויך אנגע־פאקט מיט בינטלאך היי, שרייענדע פיה, אדער אמוניציע אין שמשילנע פערשלאסענע, כמורנע־אויסזעהענדע וואגאנעס. די אנדערע צוגען, וואס זיינען געגאנגען צוריק אהיים, האבען זיך געשלעפט לאנגזאם. זיי זיינען געוועזן בעצייכענט מיט'ן בלוטיגען צלם, וואס די מלחמה האט ארויפגעלייגט אויף אלע וועגט און די מענשען הינטער זיי.

אבער דאס אלעס, דיעזע גרויסע משוגעת, האט זיך גע־טראגען דורך'ן שטאדט, ניט צושטערענדיג די רוהיגקייט פון דיעזען פערשלאפענעם ווינקעל, פונקט ווי אט די נידריגע העל־געפארבטע הייזער מיט די אלטמאדיש־בעפוצטע פאסאדען וואלטען אויף א שטומען אופן צווישען זיך גאנץ קלוג אפגע־מאכט צו איגנארירען מיט אן אריסטאקראטישע צוריקגע־האלטענקייט דיעזען חוצפה'דיגען טומעלדיגען חברה־מאן.

דעם מלחמה־האַרר, וועלכער האַט אַלעם איבערגעסעהרט מיט׳ן קאָפּ אַראָפּ.

אין די גערטנער האָבען זיך די קינדער אונגעשטערט געשפּיעלט מיט די גרויסע רויטליך־ברוינע בלעטער פון די אַלטע קאַשטאַנען־בוימער. ווייבער זיינען געשטאַנען ביי די טיהרען פון די קראָמען און זיך גאַנץ געמיטהליך געשמועסט און געפּלוידערט צווישען זיך. און ערטערווייז האָט מען גע־זעהן ווי אַ מיידעל, מיט אַ העלע טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, שטעהט און רייניגט די פענסטער.

ניט אַכטענדיג אָבער אויף די האָספּיטאַל־פאָהנען, וואָס האָבען געפלאַטערט כמעט איבער יעדע הויז; ניט אַכ־טענדיג אויף די אונצעהליגע שוואַרצע בולעטין־ברעטער און שילד־סלופּעס, וואָס דער אַריינדרינגענדער שונא האָט אַרויפגעוואָרפען אויף דער הילפלאָזער שטאָדט, — האָט נאָך אַלץ אויסגעוויזען, אַז עס הערשט דאָ פריעדען. כאָטש ס׳איז געווען קוים פופציג מייל פון דער מענשען־יאַטקע: אין קלאָהרע נעכט פלעגט דער ברעג הימעל זיך רויטלען, ווי פון אַ קינסטליכע בעלייכטונג. אַז ס׳פלעגט אַמאָל אויף עטליכע רגע׳ס נאָכאַנאַנד שטיל ווערען—די שווערע פוהרען און שלעפּ־אויטאָמאָבילען פלעגען ניט פאַרבייפאָהרען, קיין צוג פלעגט זיך גראָד ניט דורכטראָגען מיט ליאַרם און געפּילדער איבער׳ן אייזענבאַהן־בריק און די מלחמה־טענער פון טרו־מייטען און שווערדען־קלאַנגען פלעגען אויף אַ ווײַלע איינ־שטומען — דאַן פלעגט די עקשנות׳דיג־פערגליווערטע קליינ־שטעדטעלע גלייך אַרויסווייזען איהר נאַרישען אָבער תמימות׳דיג־גוטמוטיגען ישובניקסקען פּנים. אָבער באַלד, ווי נאָר אַן אַטאָמאָביל פון גענעראַל־שטאַב פלעגט זיך מיט גרויס גדלות בעווייזען פון אַ הינטערן ראָג, פלעגט די שטעדטעלע ווידער מיט יאוש זיך פערשטעקען אהינטער דער סאָלדאַט־סקער מאַסקע, וואָס האָט איהר ניט גוט געקליידט.

פון ווייטען, פערשטעהט זיך, האָבען די קאַנאָנען גע־ברומט, עפּעס אַזוי ווי אַ ריעזיגער הונד וואָלט זיך צוזאַמענגע־קאָרטשעט ערגעץ אַהינטער דר׳ערד, בורטשענדיג, גרייט אַ

שפרונג צו טהאן אויפ'ן הימעל. דער פארשטיקטער בילען פון די מארטיר־קאנאנען האט זיך פון דארט דערטראגען ווי א גרייפענדער הוסט־אנפאל פון א קראנקען־צימער, ארויפ־יאגענדיג אן אימה אויף די אנוועזענדע, וואס זיצען מיט רויט־פערוויינטע אויגען און הערען זיך צו צו יעדען ברעקעל קלאנג, וואס קומט פון דעם שטארבענדען מאן. זאגאר די לאנגע רייהע נידריגע הייזער זיינען אזוי וויא צוזאמענגעשרומפפען געוואָרען און האבען זיך צוגעהארכט טויט־דערשראקענע יעדען מאל, ווען אט דער „הוסט" פלעגט אויפטרייסלען די ערד. ס'האט זיך געפיהלט, אזוי ווי די גאנצע ריעזיגע משא פון דער מלחמה וואלט ווי א בייזער חלום שווער געדריקט אויף דער ברוסט פון דער וועלט.

די גאסען פלעגען זיך נשתומם'דיג איבערקוקען, ווינקענ־דיג פארשלעפערט אין דעם אפשפיגלענדען שיין פון די פאַ־נארען; און אינוועניג אין די הייזער פלעגען פון דעם אומ־טאנצען שאָטענס איבער געדיכטע רייהען בעטען. פון די צי־מערען, פולל אנגעפאקט מיט אונגליק, פיין און יסורים, האַ־בען זיך געטראגען הארצרייסענדע געשרייען, קרעכצען און יאמערען. יעדער מענשליכער טאָן, וואס איז ארויסגעקומען דורך די פענסטער איז בעפאלען די שטילקייט ווי א פירכ־טערליכער אנגריף. דאס איז געווען א שארפע ווילדע פער־דאמונג פון דער מלחמה. וועלכע האט דארט אויפ'ן שלאכט־פעלד געטהאן איהר שוידערליכע ארבייט, האָט געהאלטען אין ארויסווארפען צוקאליעטשעטע מענשליכע קערפערס, ווי אויסגעבראקירטע, אנפילענדיג אלע הייזער מיט דעם בלוטי־גען אבפאל.

אבער די פראכטפאלע אייזען־געשמיעדטע פאנטאנען האָבען געהאלטען אין אנגענעהם זשורטשען און מורמלען, לאסטשענד פליסטערענדיג פון זייערע יוגענד־טעג, ווען מענשען האבען נאָך געהאט צייט און לוסט צו שעהנערע זאכען אין לעבען, און מלחמה איז גע־ווען א געשעפט פאר פרינצען און אוואנטוריסטען. פון יעדען ווינקעל, פון יעדער רינע האט פלוצלינג ארויסגע־

פלאפּעלט א לעגענדע, א בבא־מעשה, און ווי אז אונזיכטבא־רער פלאפלער, זיך אוועקגעטראגען ווי אויף ווייך אונטערגע־שלאגענע פאדעשוועס דורך די שמאלע, קליינע גאסען, שושקענדיג פון פריעדען און בעקוועהמליכקייט. און די אלטע קאשטאנען־בוימער האבען צוגעשאקעלט זייער הסכמה, און מיט די שאטענס פון זייערע אויסגעשטרעקטע פינגער האבען זיי געלאסטשעט די צושראקענע פאסאדען פון די הייזער צו בערוהיגען זיי. דער גרויער עבר האט אזוי בולט ארויסגע־סטארטשעט פון די צושפּאלטענע ווענט, אז ווער ס'איז נאר צוגעקומען צו זיי נאהענט האט געהערט בלויז דעם פלעשצען פון די פאנטאנען און האט פארגעסען דאס קראכען פון די ארטילעריע; און די קראנקע און פערוואונדעטע לייטע האָ־בען געפיהלט בערוהיגט, זייערע שמערצען געלינדערט, און פון זייערע בעטלאך זיך מחיה'דיג צוגעהערט ווי די נאכט אין דרויסען שושקעט, פליסטערט. בלייכע מענשען, וועלכע מ'האט אויף הוידענדע נאסילקעס געטראגען דורכ'ן שטאדט, האבען פארגעסען אז דעם גיהנום, פון וואנען מ'האט זיי נאר וואס אפגעריסען. זאגאר די שווער־בעלאדענע קרבנות, וועלכע ס'איז אויסגעקומען צופוס דורכצוגעהן די שטאדט, האבען דערפיהלט לייכטער, בעסער, אזוי ווי זיי וואלטען בעגעגענט פ ר י ע ד ע ן און זיך אליין דערזעהן ענטוואפענטע אין דעם קיהלען שאטען פון די אלטע זיילען אין די קיילעכדיג־געבויגטע מיט בלומען אנגעפילטע פענסטער.

מיט דער מלחמה האט אין דיזער שטעדטעל פאסירט דאס־זעלבע וואס מיט דעם טייכעל. וואס האט ארויסגעשפּארט פון די בערג פון צפון־זייט שפרינגענדיג און שוימענדיג מיט צארן אויף יעדן שטיינדל וואס ער האט באגעגענט אויפן וועג, אבער ביים צווייטען ענד שטאדט, מיידענדיג די אלטע הייזער, פערהאלט זיך שוין דער טייכעל גאנץ אנדערש: ער נעהמט גאנץ ערעל אבשיעד, א געצוימטער, א בעזיעגטער, מור־מלענדיג מעלאדיש־צארט, אזוי ווי טרעטענדיג אויף די שפּיץ־פינגער, ווי פארשלעפערט פון די טרוים־בילדער, וואס ער האט אפגעשפיגעלט. דערנאך צושפּרייט ער זיך איבער

די ברייטע לאנקעס און רינגעלט ארום דעם קריעגס האספיטאל, וועלכער געפינט זיך אויף דיעזען אופן כמעט ווי אויף אן אינזעל. דער שאטען פון די פייגען־בלעטער לעגט זיך אוים אויפ'ן האספיטאל, און פון דריי זייטען גיסט זיך דער מורמלען פון'ם שלעפעריגען טייכעל צונויף מיט'ן שורשען פון די בלעטער, אזוי ווי דער גארטען וואלט אין דער בין־השמשות שטונדע געריהרט געווארען פון א רחמנות־געפיהל און גענומען זינגען א בערוהיגענדע שלאף־ליעד פאר די צוקאליעטשעטע. צומורשטע לייטע — די פראסטע סאלדאטען, וואס ליידען ביז'ן סאמע קבר, א גרויסע גרוב, וואוהין מ'ווארפט זיי אלעמען אריין, בעגלייט נאר פון א קאנאנען־שאס.

דער לעצטער טאן פון פארנאכטיגען טרומייט־סיגנאל איז נאר וואס אפגעשטארבען, און די וועכטער זיינען אומגעגאנגען אויף זייערע מארשרוטען, ווען זיי האבען ענטדעקט דריי לייטע אין דעם שאטען פון דער ברייטער גאס, און זיי האבען זיי גענומען טרייבען אין הויז אריין.

„זייט איהר אפיציערען, עה?" האט גוטמוטיג א געשריי געטהאן דער הויפט־וועכטער, א גראבער קורץ־געוויקסיגער קאפראלנער (אונטער־אפיציער) פונ'ם לאנדשטורם, מיט גרויליכע האאר אויף די שלייפען. „סאלדאטען דארפען ניין א זייגער זיין אין בעט", האט ער געזאגט, און אום צו בעווייזען זיין אויבערמאכט, האט ער צוגעגעבען מיט א שוואך־פערשטעלטער אומגעלומפערטקייט: „נו, געהט איהר, צי ניט?"

ער האט שוין געוואלט געבען זיין געוועהנליכען בעפעהל: „שנעל, מאכט פיס!" אבער ער האט זיך געכאפט אין צייט, און איז געבליבען אין מיטען אזוי ווי די ווערטער וואלטען זיך איהם געשטעלט אין האלז.

די דריי לייטע, וועלכע האבען הינקענדיג אונטערגעשפרונגען אין דער ריכטונג צום אריינגאנג פון אנשטאלט, וואלטען מיט פערגעניגען ערפילט אזא בעפעהל. זיי האבען אבער אלע דריי געהאט בלויז צוויי פיס און — זעקס קוליעס. זיי האבען אויסגעזעהן ווי א לעבעדיגע בילד ספעציעל צו־

זאמענגעשטעלט פון איינעם. וואס האט א געפיהל פאר פראָפּארציע. אויפ'ן רעכטען זייט איז געגאנגען דער. וועמעס רעכטע פוס איז פערבליבען גאנץ; אויפ'ן לינקען זייט—דער. וועלכער האט געהאט די לינקע פוס א גאנצע; און דער מיטעלסטער קערפּער האט זיך געוויעגט צווישען צוויי קוליעס. זיינע פוסטע הויזען־קאלאשעס אויפגעהויבען און צונעטשעפּעט צום ברוסט. מ'האט איהם איז גאנצען געקענט לייכט אריינלעגען אין א וויענעלע.

דער אונטער־אפיציער האט זיי נאכגעפאלגט מיט זיינע אויגען. זיין קאפּ איז געווען אנגעבויגען און די קולאקעס צוזאמענגעשטשעמעט. ווי אונטער דעם דראנג פון דיעזער בילד. ער האט ארויסגעזאגט עפּעס ניט נאר קיין זויבערען ווארט און האט ארויסגעשפּיגען פון צווישען די צייהן. ווען ער האט געהאלטען ביי אומקעהרען זיך און נעהמען געהן צוריק אויף זיין געוועהנליכען מארשרוט, האט פון דער אפּיציערסקער אפּטיילונג א קראך געטהאן א געלעכטער. איז ער געבליבען שטעהן שטיל און האט איינגענורעט דעם קאפּ אין די אקסלען. ווי פון א קלאפּ פון הינטען אויפ'ן האלז. א שטראהל פון ווילדען האס האט א שימער געטהאן איבער זיין ברייטען גוטמוטהיגען פויערשען געזיכט. ער האט נאכאמאל אויסגעשפּיגען. צו בערוהיגען זיינע אייגענע געפיהלען. און איז אוועק מיט זיין וועג. אפּגעבענדיג פארביינעהענדיג א טרוקען־קאלטען „טשעסט" דער לוסטיגער חברה.

זיי האבען איהם נאכלעסיג געענטפערט. אנגעשטעקט פון געמיטליכקייט, וואס איז ווי א לייכטער וואלקען געהאנגען איבער דער גאנצער שטעדטעל, זיינען זיי געזעסען און געשמועסט אויף די ביינק לעבען האספּיטאל. זיי האבען גערעדט פון דער מלחמה און געלאכט—געלאכט ווי גליקליך־צופריעדענע שוהל־אינגלעך. ווען זיי דערצעהלען די צרות וואס זיי האבען נאר וואס דורכגעמאכט ביים עקזאמען. יעדערער האט געטהאן זיין פליכט. יעדערער האט דורכגעמאכט זיין פעקעל צרות. און איצט. בעשיצט פון זיין וואונד איז יעדער איינער זיך געזעסען גאנץ רוהיג און בעקוועם ערווארטעט צוריקצוקעהרען

זיך אהיים, ווידער צו זעהן זיינע נאהענטע, אויפגענומען צו ווערען מיט פרייד און פאראד, און צו לעבען, אם וועניגסטענס צוויי וואכען נאכאנאנד, ווי א לעבעדינער מענש, וואס איז ניט צוגעקלעפט מיט א נומער.

דער הילכיגסטער לאכער איז געווען א יונגער לייטענאנט, וועמען מ'האט געגעבען דעם צונעמעניש „מוסולמאן" (טערק) צוליעב דעם טערקישען טורבאן (מיצקע), וואס ער האט געטראגען אלס אפיציער פון א באסניער רעגימענט. א קויל האט איהם צובראכען דעם פוס, און געטהאן די ארבייט האט די קויל ווי ס'בעדארף צו זיין. שוין וואכען לאנג, אז זיין צובראכענע פוס איז געווען פערניפסעוועט, און ער האט זיך ארומגעשלעפט אויף קוליעס, זארגפול אפהיטענדיג איהר, ווי דאס וואלט געווען אן אונגעהויער קאסטבארער חפץ, אן אבן־טוב, וואס מ'האט איהם פערטרויט.

אנטקעגען איהם זיינען געזעסען צוויי העררן — א קאוואלעריע־אפיציער און אן ארטילעריע־אפיציער, וועלכער איז פריהער געווען א פראפעסאר פון פילאזאפיע, און מ'האט איהם דאריבער טאקע גערופען „פילאזאף". דער קאוואלעריע־אפיציער האט געקראגען א שניט אין רעכטען ארם, און דעם „פילאזאף" האט א שטיק גראנאט צושפאלטען די אויבערשטע ליפ. אויפ'ן באנק, לעבען וואנט פון האספיטאל, זיינען געזעסען דריי דאמען, און די דריי לייטע האבען מאנאפאליזירט דעם געשפרעד מיט זיי, ווארים דער פערטער מאן, וואס איז געזעסען לעבען זיי, האט ניט גערעדט: ער איז געווען פערטראכט, פערטיעפט אין זיינע מחשבות, אלע ווייל'ע זיך א צאפעל געטהאן מיט יעדען אבר, און זיינע בליקען האבען אומגעבלאנדזשעט. ער איז געווען א לייטענאנט פון לאנדשטורם; פאר דער מלחמה איז ער געווען א קאמפאזיטאר. מיט א וואך צוריק האט מען איהם געבראכט אין האספיטאל א צוזאמענגעבראכענעם פון א נערוועז־שלאג. א טוידט שרעק איז געלעגען אין זיינע אויגען, וועלכע האבען געהאלטען נאכאנאנד אין קוקען מרה שחורה'דיג פאראוים אויף איין זאך עפעס. די בערינער אין האספיטאל האט ער אלץ געלאזען

טהאן מיט זיך האט קיין ווידערשטאנד ניט ארויסגעוויזען. און וואו ער האט זיך ניט געפונען, איז ער ווי מיט אן אונזיכטבארע וואנט געווען אפגעזונדערט פון אלעמען. ער האט אלץ געהאלטען אין איין קוקען פאראויס. זאגאר דער אונערווארטעטער אראפקומען פון זיין אנגענעהמער שעהנער פרוי האט אפילו אויף א האר ניט געהאלפען צו פערטרייבען פון זיין גייסטיגען בליק די בילד פון דער שרעקליכער פאסירונג, וואס האט צושוירערט זיין פערשטאנד. מיט'ן קאפ ארונטערגעלאזען אויפ'ן ברוסט איז ער געזעסען שטום און גאר ניט געענטפערט אויף איהרע לאסטשענדע ליעבעווערטער. און אז זי האט געפרובירט צארט און ליעבליך א ריהר צו טהאן מיט די שפיץ פינגער זיין האנד, האט ער אוועקגעריסען זיין האנד, אקוראט ווי א קאנוואולסיע וואלט איהם אנגעכאפט, און ער וואלט פון דעם געליטען מאטערענדע יסורים.

טרעהרען האבען זיך ארונטערגעקייקעלט איבער דער וייבעל'ס באקען—באקען דורשטיגע נאך לאסקעס. זי האט זיך גענוג אנגעמאטערט און ריזיקירט שלעפענדיג זיך דורך די געגענדען, וואס זייגען פארוועהרט פאר ציווילע, ביז זי איז ענדליך אנגעקומען צום האספיטאל. און איצט, אז זי האט שוין צו איהר גרויס פרייד געפונען איהר מאן א לעבעדיגען און א ניט־צוקאליעטשעטען, האט זי פלוצלינג דערשפירט א רעטזעלהאפטען ווידערשטאנד. אן אונערווארטעטע הינדערניס, וועלכע זי האט ניט געקענט בעזייטיגען ניט מיט קיין געבעט און ניט מיט קיין טרעהרען, ווי זי פלעגט עס געוועהנליך פריהער פועל'ען. ס'איז געווען עפּ ע ס, וואס האט איהר אונבע'רחמנות'דיג אבגעטיילט פון דעם מענשען. וועלכען זי האט אזוי געגארט צו זעהן.

זי איז געזעסען לעבען איהם אונגעדולדיג, נעמוטשעט פון איהר מאכטלאזיגקייט צו געפינען אן ערקלעהרונג פאר די פיינדשאפט וואס ער האט געשפירט ארום זיך. איהרע בליקען האבען אריינגעדרונגען אין דער פינסטערניש, און איהרע הענד האבען זיך רק אויסגעשטרעקט ציטעריג פאראויס און

באלד זיך צוריקגעכאפט. ווי אפגעסמאליעטע, ווען ער פלעגט זיך מיט האס אפקעהרען און אויסווייכען איהר, וואס ס'פלעגט איהר ווידער ברענגען אין פערצווייפלונג.

זעהר שווער איז איהר געווען צו דערשטיקען דעם שמערץ אין זיך און ניט ארויספלאצען מיט פארווירפע און ניט זוכען רק צו דערגעהן דעם שרעקליכען סוד פון איהר מאן. וועלכער האט בלינדערהייט אזוי עקשנות'דיג אויסגע־מיעדען אט די איינציגע שטיצע זיינע. און ס'איז געווען שווער פאר איהר צו מאכען דעם אנשטעל פון א גליקליכע און אג־טהייל נעהמען אין דעם לוסטיגען געשפרעך: שווער צו צווינגען זיך צו ענטפערען עטוואס און שווער ניט צו פערלירען דעם געדולד פון דער אנדער פרוי'ס שטענדיגען לאכען. פאר י ע נ ע ר, פארשטעהט זיך, איז עס לייכט צו האלטען זיך אזוי: זי ווייס, יענע ווייבעל, אז איהר מאן, א גענעראל, איז פארהיט פון טויט, ווייל ער געפינט זיך הינטער די שלאכט־ליניעס.אויפ'ן גענעראל־שטאב פון הויפט־קאמאנדיר. זי איז אנטלאפען פון דעם אומעט פון איהר קינדערלאזער היים און זיך אנגעשלאסען אן דעם טומעלדיגען לעבען פון א קריעגס־האספיטאל.

דעם גענעראל'ס פרוי איז געזעסען אין גארטען מיט די עררען פון זיעבען אוהר אן; זי האט אלע ווילע געוואלט אט־אט זיי פערלאזען. אבער זי האט זיך אלץ געלאזען אי־בעררייד̇ען צו פערבלייבען נאך א ווילע, נאך א וויילינקע. און געהאלטען דעם קאקעטישען געשפרעך האט זי אויפ'ן לוסטיגסטען ארט. ווי זיא וואלט גאר קיין אהנונג ניט געהאט פון די אלע יסורים. וואס זי האט זיך דורכ'ן טאג אנגעזעהן אין אט דער הויז טאקע, אן דער וואנט פון וועלכער זי איז געזעסען אנגעשפארט.

דעם קאמפאזיטאר'ס פארטרויערטע ווייבעל האט פריי אפגעאטהעמט, ווען ס'איז געווארען פינסטער און זי האט געקענט אונבעמערקט זיך אוועקרוקען פון דער גענעראלשע, די פוסטע באלבעטוכע.

און דאך. ניט אכטענדיג אויף איהר קיצעלדיגען גע־

שפרעד און דעם וואזשנעם אנשטעל. וואס זי האט געמאכט. ווען זי האט גערעדט פון איהרע פליכטען אלס בארמהערציגע שוועסטער, איז דעם גענעראל'ס פרוי געווען דורכגעדרונגען פון א געפיהל. וועלכער האט. אונבעוואוסט פאר איהר אליין. ערהויבען איהר העכער פון זיך אליין. די אונגעהויערע כוואַליע פון דעם געפיהל פון מוטערליכקייט, וואס האט פערטרונקען אללע פרויען ווען דיא אונגליקליכע שטונדע האט געשלאגען פאר די מענער, האט אויך איהר א הויב געטהאן אין דער הויך. די דריי לייטע. מיט וועלכע זי האט איצט אזוי לוסטיג פארבראכט. געפלוידערט. האט זי געזעהן ווען מ'האט זיי געבראכט אין האספיטאל. פונקט ווי טויזענדע אנדערע. פערבלוטיגטע. הילפלאזע. כליפענדיג און קרעכצענדיג פון וועהטאגען. און אביסעל מיט גאוה האט זי געפיהלט עטוואס פון דער פרייד, וואס ס'פיהלט א הוהן, ווען איהרע הינדעלער האבען זיך בשלום אויסגעבריהט.

אז די מענער זיינען אוועק אויף מאנאטען לאנג, האבען זיך געוואלגערט אין שמוץ און ווילגאטש, אומגעפויזעט אויף אלע פיער, צוזאמענגעקרוטשעטע, הונגעריגע, האלזענדיג און האליובענדיג דעם אייגענעם טויט, ווי מוטערס זייערע קינדער; אז געדולדיג לײדען און ווארטען און מוטהיג בעגעגענען געפאהר און שמערצען האבען פערביטען די ראלען פון די געשלעכטען — האבען זיך די פרויען דערפיהלט שטארק און זאגאר אין זייער תאוה האט געשימערט דער נייער באַגעהר פאר מוטערליכקייט.

די מעלאנכאלישע פרוי איז נאר וואס געקומען פון א גענינד. וואו וועגען מלחמה הערט מען נאר אין די געשפרעכען. דערצו איז זי אין גאנצען. מיט אלע חושים, געווען פארנומען בלויז מיט איהר מאן. האט זי ניט געקענט פארטראגען די געשלעכטסלאזע אינטימקייט. אין וועלכע מ'האט זיך דא אזוי פריי אריינגעלאזען. דא אין דעם שאטען פון שמערצען און טוידט־יסורים. אבער די איבריגע האבען זיך דא געפיהלט גאנץ היימיש. זיי האבען גערעדט די מלחמה־שפראך: ביי די מענער איז עס געווען א געמישעכץ פון אן איינגעשפארטען

בענעהר צום לעבען און און אומגעלומפערטע ווייבקייט. וואס איז געקומען פון איבערזעטיגען זיך מיט ברוטאליטעט; ביי דער פרוי איז עס געווען א זאנדערבארע פלאפלערישע קאלטבלוטיגקייט. זי האט זיך אזוי פיעל אנגעהערט פון בלוט און טוידט. אז איהר נייגעריגקייט האט געמאכט דעם איינדרוק פון הארמקייט און היסטערישע גרויזאמקייט.

דער „מוסולמאן" און דער קאוואלעריע־אפיציער האבען געקיבעצט דעם „פילאזאף". און געמאכט חוזק פון פראזען־מאכער. שפיז־קעפ און אנדערע באנק־קוועטשער, צייט פערשווענדער. זיי האבען געקליבען נחת ווי ער פלעגט שמייכלען א פארלארענער. ווען מ'פלעגט איהם קיבעצען אין דער אנוועזענהייט פון דעם גענעראל'ס פרוי, און זי, אויס פרויען־העפליכקייט, פלעגט איהם קומען צו הילף, ווארפענדיג דער ביי קאקעטיש־צארטע בליקען אויף די איבריגע, וואס האבען געקענט דערלאנגען אזא גאב מיט זייערע שארפע צינגער.

„אה, לאזט איהם צורוה". האט זי געלאכט און געוואר־קעט. „ער האט רעכט. מלחמה איז א שרעקליכע זאך. דיעזע צוויי הערען ווילען אייך גאר אריינברייגען אין כעס". האט זי זיך אומגעדרעהט און א וואונק געטהאן צום „פילא־זאף". צו בערוהיגען איהם. צוליעב זיין גוטהערציגקייט איז ער געווען אזוי הילפלאז.

דער „פילאזאף" האט גלייכגילטיג א שטשירע געטהאן די צייהן אויף א שמייכעל און האט גאר נישט געזאגט. דער „מוסולמאן" האט אריבערגעשלעפט די פיס, דעם איינציגען טייל פון זיין קערפער. וואס האט זיך געזעהן, ווייל ס'איז געווען געבאנדאזשירט אין ווייסען, און האט איהם אוועק־געלעגט אין א בעקוועמער לאגע אויפ'ן באנק.

„דער פילאזאף?" האט ער געלאכט. „אין דער אמת'ען. וואס ווייסט דער „פילאזאף" פון דער מלחמה? ער איז דאך אין דער ארטילעריע. און די מלחמה ווערט געפיהרט פון דער אינפאנטעריע. ווייסט איהר עס ניט, מאדאם...?"

„דא בין איך ניט „מאדאם". דא בין איך שוועסטער

ענגעלבערטהא“. האט זי איהם איבערגעשלאגען אין מיטען. און אויף א רגע איז איהר געזיכט געווארען ערנסט.

„ענטשולדיגט, שוועסטער ענגעלבערטהא, ארטילעריע און אינפאנטעריע, פערשטעהט איהר מיר, איז ווי א מאן און ווייב: מיר, אינפאנטעריע־לייט, מוזען ברענגען דאס קינד אויף דער וועלט, ווען א זיעג דארף געבוירען ווערען. די אר־טילעריע האט נאר דעם פארגעניגען, פונקט ווי דער מאנסביל אין ליעבע. ערשט ווען דאס קינד ווערט אפגעטויפט, פערדרייסט דער פאטער מיט גדלות דעם קאפ. האב איך ניט רעכט, קאפיטאן?“ האט ער זיך געווענדעט צום קאוואלעריסט. „איהר זייט דאך איצט אויך א פוסגעהער“.

דער קאפיטאן האט מסכים געווען. לויט זיין מיינונג נעהערען אלע מיטגליעדער פון רייכסטאג, וואס האבען ניט געוואלט שטימען פאר די מלחמה־הוצאות, אלע סאציאליס־טען, פאסיפיסטען, קורץ, אלע לייטע, וואס האבען גערעדט אדער געשריעבען אומזיסטע נארישקייטען און געלעבט פון די ארבייט פון זייער מארד—דיעזע אלע געהערען צו דעמ־זעלבען קלאסס מענשען וואס דער „פילאזאף“. זיי זיינען אלע „קלויזניקעס“.

„יא, טאקע אזוי“. האט ער געזאגט מיט זיין הייזעריגע שטימע, הייזעריג פון ארויסגעבען בעפעהלע הויך אויפ'ן קול. „א פילאזאף, ווי אט דער פריינד אונזערער איז דער ריכטיגער מאן פאר ארטילעריע: מ'דארף גאר ניט טהאן, נאר זיצען אויף א בארג און קוקען. זיי זאלען כאטש ניט שיסען אויף אונ־זערע אייגענע סאלדאטען! ס'איז זעהר לייכט פטור צו ווע־רען פון דער חברה אויף יענעם זייט, אנטקעגען אונז. כ'האב אבער, צום טייוועל, שטענדיג פיעל דרד־ארץ פאר אייך מער־דער, וואס שיסען פון הינטען. לאמיר אבער אויפהערען ריי־דען פון מלחמה, אז ניט גהה איך אוועק שלאפען. אט זיינען מיר דאך ענדליך מיט צוויי פראכטפאלע דאמען. נאכדעם ווי מיר האבען שוין א שמיטה מיט יאהרען אין די אויגען ניט אנגעזעהן א פנים, ניט קיין־באדעקטען ווי מיט רזשישצע, און איהר האלט נאך אלץ אין ריידען און באלבען פון די פער־

דאמטע שיסעריי. גאט מיינער, ווען איך בין געווען אויפ׳ן האספיטאל־צוג און ס׳איז אריינגעקומען די ערשטע מיידעל מיט א ווייסע מיצקע אויף איהרע העלע געגרייזעלטע האאר, האט זיך מיר געוואלט איהר אנכאפען פאר׳ן האנד און בלויז קוקען, קוקען אויף איהר. מיין עהרען־ווארט. שוועסטער ענגעלבערטהא, די שיסעריי ווערט שנעל דערעסען. די ווערים זיינען נאך ערגער. דאס ערגסטע איז אבער וואס ס׳איז ניטא קיין זכר (זייכער) פון דעם ליעבליכען פרויען־מין. פינף מאָ־נאטען נאכאנאנד צו זעהן בלויז מענער, און דאן פלוצלינג צו דערהערען אן אנגענעהמע ליעבע פרויען־שטימע! דאס איז די בעסטע זאך אין דער וועלט. ס׳איז כדאי צו געהן אין מלחמה צוליעב דעם".

דער „מוסולמאן" האט פערקרימט זיין לעבהאפט־ריהרעוודיגען געזיכט, פון וועלכע ס׳האט געשפריצט מיט יוגענד.

„די בעסטע זאך אין דער וועלט! ניין, מיין הערר. אפענ־הערציג גערעדט, איז די בעסטע זאך אין דער וועלט צו נעה־מען א וואנע און א פרישען באנדאזש און לעגען זיך שלאפען אין א ריינע בעט, און צו וויסען, אז איהר וועט עטליכע וואָ־כען אפרוהען. דאס איז א מין געפיהל—נו, ס׳האט גאָר צו זיך קיין פערגלייכען ניט. ס׳פערשטעהט זיך, ס׳איז אויך זעהר גוט ווידער צו זעהן דאמען".

דער „פילאזאף" האט אנגעבויגען אויף א זייט זיין קאפ, וועלכער האט אויסגעדריקט אזוינע פראסטע, גשמיות׳דיגע געדאנקען, און א פייכטער גלאנץ האט זיך בעוויזען אין זיינע קליינע כיטרע אויגען. ער האט א קוק געטהאן אויפ׳ן פלאץ, וואו שוועסטער ענגעלבערטהא׳ס ווייסע קלייד האט זיך געזעהן ווי א העלער פלעק אין דער פינסטערניש, וועלכע איז געווען זעהר געדיכט. כמעט צום אנטאפען מיט׳ן האנד. און האט לאנגזאם, עטוואס מיט א ניגון, גענומען דערצעהלען וואס ער דענקט.

„די בעסטע זאך, דענק איך, איז די שטילקייט — אז מ׳ליגט אפ א צייט אין די בערג וואו דער ווידער־קול פון יעדען

שאָס הילכט אַפּ פינף מאָל הין און צוריק, און פּלוצלינג ווערט מען אריבערגעטראגען אין א פאָלקאָמענער שטילקייט—קיין סוויסטשען, קיין קראַכען, קיין דונערען—קיין זאַך אויסער א הערליכע שטילקייט, צו וועלכע מ'קען זיך צוהערען ווי צו א שטיק מוזיק! די ערשטע עטליכע נעכט ביין איך דורכאויס אפּגעזעסען און זיך צוגעהערט צו די שטילקייט, ווי מ'פּרובירט כאַפּען א טאָן פון דער ווייטען. איך האָב זאָגאָר, דאַכט זיך, א בורטשע געטהאָן, אזא חיות איז געווען ניט צו הערען קיין שום קלאַנג".

דער קאַוואַלעריע־קאַפּיטאַן האָט א וואָרף געטאָן זיין פּאַפּיראָס, וועלכער האָט זיך אין דער פינסטער דורכגעטראָגען ווי א קאָמעט, שיטענדיג פונקען, און ער האָט א פּאַטש געטאָן מיט'ן האַנד איבער'ן קניע.

„איהר הערט, שוועסטער ענגעלבערטהאַ, פערשטעהט איהר עס?" האָט ער סאַרקאַסטיש אויסגערופען. „צוצוהערען זיך צו קיין קלאַנג... אט דאָס איז פילאָזאָפיע. איך וויים אָבער עפּעס בעסערס פון דעם, הערר פילאָזאָף, נעמליך: ניט צו הערען וואָס איהר רעדט, איבערהויפּט ווען דאָס איז אזעלכע פילאָזאָפישע נאַרישקייט".

זיי האָבען זיך צולאַכט און דער מאַן, וועמען זיי האָבען געקיבעצט, האָט גוטהערציג געשמייכעלט. ער איז אויך גע־ווען דורכגעדרונגען מיט די רוהיגע פריעדליכקייט, וואָס האָט פון דער שלאָפענדער שטאָדט געשטראָמט אין גאָרטען אריין. דעם קאַוואַלעריסט'ס בייסיגע וויצען האָבען זיך פאַרביי־געגליטשט, ניט דערלאַנגט איהם קיין שום שטאָך אפילו, פונקט ווי ס'האָט איהם ניט געטשעפּעט קיין אנדער זאַך, וואָס ס'האָט געקענט פאַרקלענערען דעם יום־טוב'דיגען תענוג פון די פאַרבליעבענע עטליכע טעג ביז'ן צוריקקעהרען זיך צום שלאַכטפעלד. ער האָט געוואָלט אריינכאַפּען, אריינ־זאַפּען אין זיך וואָס מעהר פאַרגעניגען פון זיין אברוה, און קלייבען נחת לאַנגזאַם, מיט פעסט פערמאַכטע אויגען, ווי א קינד ביים אריינגעהן אין א פינסטערען צימער.

דעם גענעראַל׳ס פרוי האָט זיך אָנגעבויגען צום „פילאָ־זאָף״.

„הייסט עס, די מיינונגען זיינען פערשיעדענע וועגען דעם, וואָס די בעסטע זאַך איז“, האָט זי געזאָגט, און גענומען שנע־לער אָטהעמען. „זאָגט מיר, אָבער, וואָס איז געווען די שרעקליכסטע זאַך. וואָס איהר האָט דאָרט דורכגעמאַכט? אַ סך מענשען זאָגען, אַז דער אונאויפהערליכער קראַכען איז דאָס ערגסטע, און פיעלע זאָגען, אַז זיי קענען ניט פארגעסען די שרעקליכע בילד פון דעם ערשטען גע׳הרג׳עטען מאַן. וואָס זיי האָבען געזעהן. וואָס זאָגט איהר?“

דער „פילאָזאָף“ האָט אויסגעזעהן ווי אין גרויס פערלעגענהייט: די טהעמא האָט זיך ניט אריינגעפּאַסט אין זיין פּראָגראַם. ער האָט געטראַכט אַרויסצודרעהען זיך מיט עפּעס אַ תירוץ, ווי פּלוצלונג האָט אַן אונדייטליכער סאַפּען־דער אויסגעשריי צוגעצויגען אַלעמענס אויגען צום ווינקעל, וואו דער לאַנד־שטורם אפיציער און זיין פרוי זיינען געזע־סען. אין דער פינסטער האָט מען זיי שוין כמעט פערגעסען. און מען האָט זיך מיט שרעק דורכגעקוקט, ווען מען האָט דער־הערט אַ שטימע, וועלכע קוים ווער האָט דערקענט. און דער מאַן מיט די פאַרגלעזערטע אויגען, אַ מין קוקלע מיט צובראָ־כענע גליעדער, האָט גענומען שנעל רעדען מיט אַ הויך־היל־כענדער שטימע, ווי דער קרעהען פון אַ האָהן.

„וואָס איז די שרעקליכסטע זאַך? די איינציגע שרעק־ליכע זאַך איז דאָס אָבפאָהרען. איהר געהט אוועק אין מלחמה — און מען לאָזט אייך. אָט דאָס איז די שרעקליכ־סטע זאַך“.

אַ קאַלטע מאַטערנדע שטילקייט האָט אַלעמען אַרומגע־כאַפּט. זאָגאָר דעם „מוסולמאַנ׳ס“ געזיכט האָט פאַרלאָרען דעם אויבין־גליקליכען אויסדרוק און איז פערהאַרטעוועט געוואָרען פון איבערראַשונג — אַזוי אונערוואַרטעט איז דעם אפיציער׳ס געשריי געווען און אַזוי מאָדנע האָט עס געקלונ־גען. עס האָט זיי אַלעמען ווי אָנגעכאַפּט ביי די גאָרגלען און דער פולס האָט ביי יעדען גענומען האַסטיג

קלאפּען. אפשר איז עס געווען צוליעב דעם. וואס די שטימע האט געציטערט ווען זי איז ארויס פון דעם צו'נהרג'טען קערפּער, אדער אפשר ווייל זי האט געקלאפּט און האט אויסגעוויעזען ווי אן איבערגעהאקטע פון לאנגע זיפּ־צען.

די גענעראלשע האט אויפגעשפּרונגען. זי האט געזעהען ווי מען האט דעם לאנד־שטורם־אפיציער געבראכט אין האס־פּיטאל, אן איינגעבונדענעם מיט רימענע פּאסען צו דער נאַ־סילקע, ווייל דער גאנצער קערפּער זיינער האט זיך געקרוי־טשעט און געווארפען פון יסורים און קרעכצען, און דיא טרעגער האבען איהם אנדערש ניט געקענט איינהאלטען. מען האט געזאגט, אז עטוואס אונגעהויער שרעקליכעס, עקעל־האפטעס האט איהם ווי פּאראליקט. האט זיך די גענעראלשע איצט פלוצלונג דערשראקען פאר אן אנפאל פון משוגעת. זיא האט זיך אנגעכאפּט אן דעם קאוואלעריסט'ס ארם און האט אויסגעשריען מיט א מינע פון גרויס איילעניש:

„אוי וועה! אן איז שוין די לעצטע קאר. שנעל, שנעל". האט זיך זיך געווענדעט צום קראנקען מאנ'ס ווייבעל. „שנעל, מיר מוזען זיך צואיילען.

זיי האבען זיך אלע אויפגעהויבען. די גענעראלשע האט גענומען די צווייטע פרוי אונטער'ן ארם און האט איהר נאך מעהר צוגעאיילט:

„מיר'ן מוזען א גאנצע שטונדע געהן צופוס, אויב מיר'ן פערשפּעטיגען די קאר צוריק אין שטאדט". די ווייבעל, איז גאנצען א פערלארענע, ציטערנדיג מיט יעדען אבר, האט זיך אנגעבויגען צום מאן צו זעגענען זיך. איהר האט זיך געדוכט, אז זיין פּלוצלונגער אויסברוך האט א שייכות צו איהר און ענטהאלט א בייזען פירכטערליכען פּארוואורף, וועלכען זיא האט ניט בעגריפען. זי האט געפיהלט, ווי איהר מאן רוקט זיך צוריק, נורעט זיך צונויף און ציטערט קאנוואולסיוו אויף, ווען זי האט איהם אנגעריהרט מיט די ליפּען. און זי האט זויך א זיפץ געטהאן, ביים אויסזיכט צו פארברענגען א לאנגע נאכט אין דעם קאלטען פערלאזענעם צימער אין האטעל.

איינע אליין מיט דעם מוטשענדען צווייפעל. אבער די גענע־ראלשע האט איהר אוועקגעשלעפט מיט געוואלד, געלאפען מיט איהר, ביז זיי האבען געמיטען דעם וועכטער ביים טויער און זיינען ארויס אין דרויסען. די הערדען האבען זיי נאכגעפאלגט מיט די אויגען, האבען געזעהען ווי זיי פערשווינדען אין דעם שיין פון די פאנארען, און האבען זיך צוגעהערט צום רויש פון דער קאר, וואס איז פון דער ווייטענס אפגעגאנגען.

דער „מוסולמאן" האט אויפגעהויבען זיינע קוליעס און האט בעדייטענד א ווינק געטאן אויפ'ן „פילאזאף", און האט מיט א געניץ עפעס א זאג געטהאן ווענען געהן שלאפען. דער קאוואלעריסט האט נייגעריג א קוק געטאן אויף דעם קראנקען מאן און האט דערפיהלט א מיטלייד צו איהם. אום צו פער־שאפען איהם א טראפען פערגעניגען, האט ער איהם א לייכ־טען קלאפ געטאהן אויפ'ן אקסעל און א זאג געטאהן אויף זיין לייכטען פרייען שטייגער :

„האסט אן עלעגאנטע, סמאטשנע ווייבעל, כ'מוז צוגע־בען. איך גראטוליר דיר".

דעם נעכסטען אויגענבליק האט ער זיך א כאפ געטאן אז אויפגעשוידערטער : דער צרה'דיגער פעקעל ביינער האט פלוצלונג אויפגעשפרונגען פון באנק, אזוי ווי א נאר־וואס־ערוואכטע קראפט וואלט איהם א שליידער געטאן אין דער לופטען.

„אן עלעגאנטע ווייב ? יא, יא. זעהר א כוואטסקע" האט ארויסגעשפריצט פון זיינע צוקענדע ליפען מיט אזא היץ און צארן, אז די ווערטער זיינען געפלויגען ווי א ברויזענדער, שיפענדער שטראם. „זי האט ניט פארגאסען קיין איין איינ־ציג טרעהר, ווען איך בין אוועקגעפאהרען מיט'ן צוג. יא, זיי זיינען אלע געווען גרויסע בריות, ווען מיר זיינען אפגעפאה־רען. דילל'ס פרוי איז אויך אזוי געווען. זעהר א כוואטסקע ! זי האט אויף איהם געווארפען בלומען ווען ער איז געזעסען אין צוג. און זי איז דאך אין גאנצען צוויי מאנאטען געווען זיין ווייב".

מיט א פערעכטליכע מינע האט ער א לאך געטאן און צוזאמענגעשטשעמעט די צייהן, מאטערנדיג זיך מיט אללע כחות ארונטערצושלינגען די טרעהרען, וואס האבען איהם געברענט אין האלז.

„בלומען! כע־כע! און „מיר'ן זיך באלד וויעדער זעהן"! זיי זיינען אלע אזוי פאטריאטיש געוועןǃ אונזער פאל־קאווניק האט דילל'ן גראטולירט, וואס זיין פרוי האט זיך גוט איינגעהאלטען — אזוי ווי ער וואלט געפאהרען ניט מעהר ווי צו מאנעווערעס".

דער לייטענאנט האט זיך אויפגעשטעלט. ער האט זיך געוויעגט אויף זיינע פיס, וועלכע ער האט געהאלטען ברייט פארנאנדער־געשפרייט, און האט זיך אנגעהאלטען אן דעם קאוואלעריסט'ס ארם און זיך איינגעקוקט אין זיין פנים מיט אן אויסדרוק פון ווארטען אין זיינע אונענטשלאסענע אויגען.

„ווייסט איהר וואס איהם האט געטראפען, דילל'ן? איך בין דארט געוועז. ווייסט איהר וואס?"

דער קאפיטאן האט מיט אימה א קוק געטאן אויף דיא איבריגע.

„קומט, קומט שלאפען. רעגט זיך ניט אויף", האט ער ארויסגעשטאמעלט א צוטומעלטער.

מיט אן אויסגעשריי פון נצחון האט דער קראנקער מאן איהם איבערגעהאקט אין מיטען און א זאג געטאהן מיט אן אוננאטירליך־הויכען קול:

„איהר ווייסט ניט וואס דילל'ן האט געטראפען, איהר ווייסט ניט? מיר זיינען געשטאנען אט פונקט אזוי ווי מיר שטעהען איצט, און ער האט מיר געוואלט ווייזען די נייע פאטאגראפיע וואס זיין פרוי האט איהם געשיקט — זיין בראווע פרוי, כע־כע, זיין איינגעהאלטענע פרוי. יא, יא, אן איינגעהאלטענע! זיי זיינען אלע אזוי געוועז — אלע זיי־נען געוועז גרייט אויף אלצדינג. און ווי מיר זיינען אזוי גע־שטאנען דארט, ער האט מיר געוואלט ווייזען די בילד, האט

אן אכט און צוואנציגער*) געפלאצט ניט ווייט, ביי צוויי הונדערט קלאפטער פון אונז. מיר האבען זיך אפילו ניט אומגעקוקט אין יענעם זייט. פלוצלונג איז עפעס א שווארצע זאך דורכגעפלויגען אין דער לופטען — און דילל איז אנידערגעפאלען מיט זיין כוואטסקער ווייבעל'ס בילד אין זיין האנד, און א שטיוועל מיט א פוס פון א באגאזש־סאלדאט האט געשטעקט אין זיין קאפ — א סאלדאט, וועמען דיא באמבע האט צוריסען אויף שטיקער גאנץ ווייט פון אונז".

ער האט זיך א ווײלע אבגעשטעלט און האט אנגעקוקט דעם קאפיטאן מיט א נצחון־מינע. דאן האט ער ווייטער דערצעהלט מיט א טאן פון צו־להכעיס'דיגען שטאלץ, כאטש אלע ווײלע פלעגט ער אין מיטען איבערגעריסען ווערען פון א זאנדערבארען קרעכץ.

„דילל, נעבעך, האט שוין מעהר קיין ווארט ניט געזאגט — דילל מיט דער שפארע פון דעם סאלדאטסקען שטיוועל אריינגעהאקט אין זיין קאפ, אן עכטע קאוואלערייסקע שפארע, די גרויס ווי א פינף־קראנען שטיק. די וויסלען פון דיא אויגען האבען זיך איהם אביסעל פארקאשערט און ער האט אומעטיג אנגעקוקט זיין פרוי'ס בילד, וואס זי האט ערלויבט אזא זאך. אזא זאך! אזא זאך! זאלבעפערט האבען מיר קוים ארויסגעשלעפט די שפארע פון זיין קאפ. מיר האבען עס געמוזט דרעהען, קרוטשען איז אלע זייטען, ביז מיר האבען עס ארויסגענומען, און א שטיקעל מארך האט זיך נאכגעשלעפט, ווי אן אויסגעדרעהטער ווארצעל — ווי א זשעלע־פיש, א טויטע צוגעקלעפט צו דער שפארע".

„שוויג, רעד ניט!" האט דער קאפיטאן מיט כעס אויסגעשריען, און האט זיך אוועקגעריסען און אוועק פון הויז, שילטענדיג.

די אנדערע צוויי האבען איהם נאכגעקוקט אומעטיג, ווי זיי וואלטען אויך וועלען אוועק, אבער זיי האבען קיין הארץ ניט געהאט אליין איבערצולאזען דעם אונגליקליכען מאן. ווען דער קאפיטאן האט אוועקגענומען דעם ארם, איז ער ווידער

*) א הארמאטען קויל.

אנידערגעפאלען אויפ'ן באנק און איז געזעסען וויינענדיג ווי אן אבגעשמיסענער אינגעל, מיט'ן פאטילניצע אנגעשפארט אהינטער. דער „פילאזאף" האט איהם ערדעל אנגעריהרט ביים אקסעל, און האט געוואלט נעהמען ריידען צו איהם מיט גוטען און זעהן איינשמועסען איהם ער זאל אריין אין הויז. ווי ער האט פלוצלונג גענומען לאכען אין זיך, אבשטויסענד בורטשענדיג.

„מיר האבען איהר אבער ארויסגעריסען פון איהם, זיין כוואטסקע ווייבעל. זאלבעפערט האבען מיר געמוזט שלעפען און דרייען, ביז מיר האבען זיך ארויסגעריסען און ער איז לויז געווארען פון איהר. זי איז פערשוואונדען, זיי זיינען אלע פערשוואונדען, מיינע אויך. מיינע איז אויך ארויסגעריסען פון מיר. אלע ווערען אוועקגעריסען. ניטא מעהר קיין פרוי! ניטא מעהר, נייז"....

זיין קאפ האט א באמבעל געטאן און איז אנידערגעפאלען אויפ'ן ברוסט. טרעהרען האבען לאנגזאם גערונען איבער זיין שמערצליך־טרויעריגען געזיכט.

דער קאפיטאן איז צוריקגעקומען, בעגלייט פון דעם געהילפס־דאקטאר, וועלכער איז געוועזן אויפ'ן נאכט־וואך.

„איהר מוזט איצט געהן שלאפען, לייטענאנט", האט דער דאקטאר געזאגט מיט א שטרענגע מינע.

דער קראנקער מאן האט פערריסען דעם קאפ און האט איהם אריינגעקוקט אין פנים. ווען דער דאקטאר האט ווידערהאלט דעם בעפעהל מיט א העכערען קול, האבען זיינע אויגען פלוצלונג א בלישצע געטאהן, און ער האט איינשטימיג צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

„כ'מוז געהן, פערשטעהט זיך", האט ער מיט חשק איבערגע'חזר'ט און האט א טיעפען זיפץ געטהאן. „מיר מוזען אלע געהן. דער מאן, וואס געהט ניט, איז א טרוס און א טרוס דארף מען אויף כפרות. אט דאס איז דער הויפט. פערשטעהט איהר ניט? העלדען זיינען איצט אין דער מאדע. די כוואטסקע מאדאם ־יילל האט געוואלט האבען א העלד, וואס זאל קליידען צו איהר נייע הוט. כא־כא! אט דעריבער

האט דילל, נעבער, געמוזט געהן אין מלחמה און פארלירען זיין מארד. איך אויך — איהר אויך — אלע מוזען מיר געהן צום טוידט. איהר מוזט זיך לאזען טרעטען אונטער די פיס, ווען די פרויען—כראברע—שטעהען און קוקען זיך צו, ווייל כ'איז איצט די מאדע אזוי".

ער האט קוים מיט שמערצען אויפגעהויבען זיין אויס־געמאטערטען קערפער, אנהאלטענדיג זיך אן דער הינטער־ווענטעל פון באנק, און האט זיך איינגעקוקט אין יעדען איי־נעם. ווארטענדיג אויף זייער הסכמה.

„איז עס ניט טרויעריג?" האט ער מיט א ווייכע שטימע געפרעגט. דאן האט ער ווידער אנגעפאנגען אויף א הילכיג־שרייענדען קול, און דער קלאנג פון זיין צארן האט ווילד אפגעהילכט אין גארטען. „האבען זיי אונז דען ניט אפגע־נארט, הא ? כ'וואלט געוואלט וויסען — זיינען זיי ניט בע־טריגער ? בין איך —געוועזען א מערדער ? א גזלן ? האב איך איהר ניט געפאסט, ווען איך בין געזעסען ביים פיאנא און געשפיעלט ? מיר האבען זיך געריכט זיין איידעל, פריינדליך איינער צום אנדערען, אכטען איינער דעם אנדערענ'ס געפיה־לען. און מיט אמאל, ווייל די מאדע האט זיך געביטען, האט זיך זיי פארוואלט האבען מערדער. פערשטעהט איהר ? מער־דער !"

ער איז אפגעטראמען פון דאקטאר, און זיין שטימע איז ביסלאכווייז ארונטערגעפאלען, און געגומען קלינגען, בע־קלאגענדיג זיך, ווי א דיקער פערשטיקטער קול פון א שיכור.

„מיין ווייב האט זיך אויך געהאלטען מיט דער מאדע, איהר פערשטעהט דאך. קיין טרעהר האט זי ניט ארויסגעלא־זען ! איך האב געוואַרט און געוואַרט זי זאל אנהויבען שרייען און בעטען מיר, איך זאל די לעצטע רגע ארויס פון צוג און ניט געהן מיט די איבעריגע — בעטען מיר איך זאל צו־ליעב איהרטוועגען זיין א טרוס. קיין איינע פון זיי האט אבער ניט געהאט דעם מוטה דערצו. זיי האט זיך ניט אנדערש געוואלט זיין אין מאדע. מיין ווייבעל אויך ! מיינע אויך !

זי האט א מאל געטאן מיט'ן טיכעל גלייך מיט די אלע אי־בעריגע"

זיינע צוקענדע ארמס האבען זיך קרומשענדיג געהויבען אין דער הויך, ווי ער וואלט רופען דעם הימעל פאר אן עדות.

„איהר ווילט וויסען וואס די שרעקליכסטע זאך איז געווען?" — האט ער זיך מיט א קרעכץ פלוצלונג אומגע־קעהרט צום פילאזאף. „די ענטוישונג, ווען ביים אפפאהרען איז דער צויבער ארונטערגעפאלען פון די אויגען — אט דאס איז געווען די שרעקליכסטע, די מאוים'דיגסטע זאך. דיא מלחמה איז ניט געווען אזוי שרעקליך. די מלחמה איז געווען וואס זי האט בעדארפט צו זיין. זייט איהר דען איבערראשט געווארען, ווען איהר האט דערזעהן, אז די מלחמה איז שרעק־ליך? די איינציגע איבערראשענדע זאך איז געווען דער אבפאהרען אין דער מלחמה. אויסצוגעפינען, אז די פרויען זיינען שרעקליך — אט וואס עס איז געווען ערשטוינענד. אז זיי קענען זיך שמייכלען און וואו'פען בלומען, אז זיי קענען זיך ענטזאגען פון זייערע מענער, זייערע קינדער, זייערע זיהן, וועלכע זיי האבען טויזענדע מאל געלעגט שלאפען און טויזענדע מאל איינגעדעקט מיט קאלדרעס, און געצערטעלט, געכאליעט, אויפגעהאדעוועט אין גרויסע מענשען. אט דאס איז די איבערראשונג! וואס זיי האבען אונז אויפגעגעבען. וואס זיי האבען אונז אוועקגעשיקט, אוועקגעשיקט אונז! ווארום? ווייל זיי וואלטען זיך געשעהמט צו בלייבען אהן א העלד. אט דאס איז די מורא'דיגע ענטטוישונג. דענקט איהר. אז מיר וואלטען געגאנגען אין מלחמה, ווען זיי וואל־טען אונז ניט געשיקט? דענקט איהר עס? פרעגט, אויף טשי־קאוועשץ, אפילו דעם דומסטען פויער, ווארום ער וויל קריי־גען א מעדאל איידער ער פאהרט אהיים אויף אטפוסק. ווייל מיט א מעדאל וועט איהם די מיידעל זיינע מעהר ליעב הא־בען, און די איבעריגע מיידלאך וועלען איהם נאכלויפען, און מיט'ן מעדאל איז ער אימשטאנדע פון אונטער'ן נאז ביי אנדערע מענער אוועקצונעהמען די פרויען. אט דאס איז די אורזאכע, קיין אנדערע. די פרויען האבען אונז געשיקט.

קיין גענעראל וואלט ניט געווען בכח צו ברענגען אונז אין מלחמה. ווען די פרויען וואלטען ניט ערלויבט מען זאל אונז צונויפפאקען אויף די באהנען, ווען זיי וואלטען גענומען ווייגען און שרייען, אז זיי ווילען קיין מאל מעהר ניט א קוקטהאן אויף דעם יעניגען, וואס וועט שיסען און צוברעכען א צווייטענס שארבען אדער וועט שטעכען א מענשען. קיין איין מאן, זאג איך אייך, וואלט ניט געגאנגען. איך האב ניט געוואלט גלויבען, אז זיי ווילען עס קענען דערהאלטען אזוי גלייכגילטיג. זיי מאכען זיך עס נאר אזוי, האב איך געטראכט. זיי האלטען זיך איין. אבער ווי נאר דער צוג וועט א פייף טהאן, ווילען זיי נעהמען קוויטשען, שרייען און ווילען אונז ארויסשלעפען פון צוג און רעטען אונז. זיי האבען אונז געקענט בעשיצען, אבער געקימערט האבען זיי זיך בלויז צו זיין אין דער מאדע—קיין אנדער זאך, נאר צו זיין אין דער מאדע".

ער האט זיך ארונטערגעלאזען אויפ'ן באנק און געבליבען זיצען ווי אין גאנצען א צוזאמענגעבראכענער. זיין קערפער האט זיך געטרייסעלט פון א שטילען זיפצען. און זיין קאפ האט זיך אומגעבאמבעלט הין און הער אויף זיין סאפענדער ברוסט. א קליין רעדעל מענשען האט זיך פערזאמעלט אהינטער איהם. דער אלטער לאנד־שטורם־קאפראלנער איז געשטאנען לעבען דאקטאר מיט פיער וועכטער. וועלכע זיינען געווען גרייט ארונצומישען זיך ביים לייכטסטען בעפעהל. אין אלע פענסטער אין דער אפיצירסקער אבטהיילונג איז ליכטיג געווארען, און קארג־בעקליידעטע פיגורען האבען זיך ארויסגעלעהנט, ארונטערקוקענדיג נייגעריג אין גאנצען אריין.

דער קראנקער מאן האט דורכדרינגענד אריינגעקוקט אין די פערגליווערטע פנים'ער ארום זיך. ער איז געווען אויסגעמאטערט. פון זיין הייזעריגע האלז האט זיך מעהר גאר ניט געהערט. זיין האנד האט זיך אויסגעשטרעקט צום „פילאזאף", וועלכער איז געשטאנען לעבען איהם אין גאנצען א צוטומעלטער.

דער דאקטאר האט דערפיהלט, אז עס איז פונקט די וויכ־טיגע צייט אוועקצופיהרען איהם.

„קומט, לייטענאנט, לאמיר געהן שלאפען“, האט ער געזאגט מיט א געמאכטע פריינדליכקייט, וועלכע איז ארויס־געקומען אונגעלומפערט. „אזוי זיינען שוין די פרויען פון תמיד אן, און מען קען דערצו גאר נישט טהאן“.

דער דאקטאר האט געוואלט ווייטער רעדען און אזוי שמועסענדיג ארייננארען איהם אין הויז אריין. אבער דער נעקסטער זאץ איז איהם געבליבען שטעקען אין האלז. און ער איז געבליבען שטעהן אן ערשטוינטער. דער שוואכער, הינ־קענדער, כמעט צופאלענער סקעלעט, וועלכער איז מיט א רגע צוריק געזעסען ווי א גע'חלש'טער און דער דאקטאר מיט'ן „פילאזאף“ האבען איהם געמוזט הויבען, האט זיך איצט פלוצלונג א ריס געטאן און זיך אויפגעהויבען און אזוי היציג אוועקגעריסען זיינע ארמס, אז די צוויי לייטע, וועלכע האבען איהם געמוזט העלפען, זיינען אפגעשליידערט געווא־רען. ער האט זיך איבערגעבויגען מיט אויסגעקרימטע קניע, וואקלענדיג ווי א מאן, וואס טראגט א שווערע משא אויפ'ן פלייצע. זיינע אדערען זיינען אנגעגאסען געווארען. און ער האט צארענדיג געסאפעט:

„אזוי זיינען זיי שוין די פרויען, זיינען זיי טאקע אזוי? זיגט ווען, הא? האט איהר קיינמאל ניט געהערט פון די פרויען - רעכטלערינס, וואס פאטשען פרעמיער - מיניס־טארען, און צינדען אונטער מוזעאומס, און לאזען זיך צושמי־דען צו פאנארען אום צו קריגען שטימרעכט? צוליעב שטימרעכט, איהר הערט? אבער צוליעב זייערע מענער? ניין. אפילו קיין ווארט ניט. קיין איין איינציג געשריי!“

ער האט זיך אפגעשטעלט אבצוכאפען דעם אטהעם, א פערמאטערטער פון א שטיקענד־ווילדער פערצווייפלונג. דאן האט ער זיך ווידער צוזאמענגענומען, קוים מיט צרות פער־שטיקענדיג אין זיך דיא זיפצען, וועלכע האבען איהם אלע ווילע געכאפט שטיקען אין האלז, און גענומען מיט א קוויטש שרייען, ווי א פערפאלגטע חיה:

„האט איהר געהערט כאטש איין פרוי זאל זיך צוליעב איהר מאן א וואָרף טהאן פאַראויס פאר א צונג? האט כאטש איינע געפּאטשט א פּרעמיער מיניסטער, אדער זיך צונעבונדען צו אייזענבאהן־רעלצען צוליעב אונז? ניט געוועזן קיין איינע. וואס מען האט געדארפט מיט געוואלד אוועקשלעפען. קיין איינע האט ניט געקעמפפט פאר אונז אדער פארטיידיגט אונז. קיין איינע אין דער גאנצער ברייטער וועלט האט קיין פינגער אין קאלטע וואסער פאר אונז ניט אריינגעטאן! זי האבען אונז ארויסגעטריעבען, זיי האבען אונז פערשטאפט די מויל! זיי האבען אונז געשיקט צום מארד, זיי הייבען אונז געשיקט צו שטארבען — צוליעב זייער פוסטע גאוה. ווילט איהר זיי פארטיידיגען? ניין! מען מוז זיי ארויסרייסען, ווי ווילדע גראזען, מיט די ווארצלען צוזאמען. זאלבעפערט מוזט איהר עס טאן, פונקט ווי מיר האבען געמוזט שלעפען די שפארע פון דילל'ס קאפ. זאלבעפערט! דאן וועט זי שוין ארוים. זייט איהר דער דאקטאר? אט. נעהמט שלעפט — שלעפט איהר ארוים!"

ער האט א שטרעק געטהאן די האנד, און מיט'ן קולאק, ווי מיט א האמער, דערלאנגט זיך איבער'ן קאפ, און זיינע קרומע פינגער האבען זיך אונברחמנות'דיג איינגעקלאמערט אין די שיטערע ביסעל האאר אויף זיין פאטילניצע, ביז ער האט ארויסגעריסען א הויפען האאר מיט די ווארצלען און האט געשריען פון יסורים.

דער דאקטאר האט דערלאנגט א צייכען, און אין א רגע האבען זיך די פיער וועכטער ארויפגעווארפען אויף איהם. ער האט געסאפעט, געשריען, געריסען, געשלאגען מיט דיא הענד און אפגעשליידערט פון זיך זיינע אנגרייפער, וויא שישקעס. ערשט ווען דער אלטער קאפראלנער און דער דאקטאר זיינען געקומען זיי צו הילף, איז זיי געלונגען אריינצושלעפען איהם אין הויז.

אז מען האט איהם צוגענומען, האבען די איבעריגע פארלאזען דעם גארטען. די לעצטע זיינען געוועזן דער „מוסולמאן" און דער „פילאזאף". דער „מוסולמאן" האט זיך אפגעשטעלט

ביים טיהר. און אין שיין פון דער לאמטערנע האט ער ערנסט ארונטערגעקוקט אויף זיין פוס, וועלכע איז אין דעם גיפס געהאנגען ווי א טוידטע זאך צווישען זיינע קוליעס.

„ווייסט איהר, פילאזאף", האט ער געזאגט, „איך וואלט בעסער געוואלט האבען דעם שטעקען מיינעם. די ערגסטע זאך. וואס קען דארט א מענשען טרעפען, איז ארונטערצו־געהן פון זינען. ווי אט דער, נעבעך. שוין בעסער די גאנצע קאפ פארליערען און אז עק. דענקט איהר, אז עס איז נאך מעגליך, ער זאל געזונד ווערען?"

דער „פילאזאף" האט גאר ניט געזאגט. זיין קיילעכדיגער גוטמוטיגער געזיכט איז געווארען אש־בלייך, און זיינע אויגען זיינען פארלאפען מיט טרעהרען. ער האט א ציה געטהאן די אקסלען אהן א ווארט רייד, און געהאלפען זיין חבר ארויף די טרעפ. אריינקומענדיג אינוועניג האבען זיי געהערט א קלא־פעריי פון טיהרען ערגעץ ווייט אין הויז און א פערשטיקטען געשריי.

דאן איז אלץ שטיל געווארען. די פענסטער אין דער אפיציערסקער אפטיילונג זיינען איינע נאך דער אנדערער פינסטער געווארען. באלד איז דער גארטען געלעגען ווי א שווארץ־באקוסטעטער אינזעל אין דער שטומער אומארמונג פון טייך. בלויז וועז־ניט־ווען האט דער ווינט פון מערב זייט דערטראגען דעם „הוסטען" פון די הארמאטען. ווי א שוואכען אפקלאנג.

ס'האט זיך ווידער דערהערט א סקריפען אויפ'ן זאמדי־גען וועג. דאס זיינען די פיער וועכטער געגאנגען צוריק צום וואך־הויז. איין סאלדאט האט געשאלטען. בורטשענדיג אונ־טער'ן נאז, ווען ער האט געפרובירט אפשפיליען זיין צוריסענע בלוזע. די איבריגע האבען שווער געסאפעט און געווישט מיט די הענד דעם שוויים פון זייערע רויטע שטערענס. דער אל־טער קאפראלנער האט זיך געשלעפט הינטער זיי, מיט דער ליולקע אין א זייט אין מויל און דעם קאפ נידריג ארונטערגע־לאזען. ווען ער איז ארויף אויפ'ן הויפט־וועג האט א העלער פאס ליכט בעלויכטען דעם הימעל, און אלע פענסטער פון

האספיטאל זיינען אויפגעטרייסעלט געווארען פון א לאנג־אויסגעצויגענעם דונערן. וואס האט עפּעס אריינגעזונקען אין דר׳ערד מיט א ברומען און בורטשען.

דער אלטער מאן איז געשטאנען שטיל און צוגעהארכט ביז דער לעצטער בורמשען פון דעם דונערן איז אויסגעגאנגען. דאן האט ער א טרייסעל געטהאן זיין פערטשעמעטען קולאק, ארויסגעשפּיגען פון צווישען די צייהן און ארויסגעמורמעלט מיט אן איבערדריסיגקייט, וואס האט זיך ארויסגעריסען טיעף פון זיין נשמה:

„צום שווארץ יאהר!“

II

# אין שלאַכט

די קאָמפּאַניע סאָלדאַטען האָט א האַלבע שטונדע אָב־גערוהט ביים ברעג וואַלד. דאָן האָט קאַפּיטאַן מאַרשנער דערלאַנגט א בעפעהל צו נעמען זיך אין וועג. ער איז געווען בלאַס, גיט אַכטענדיג אויף די שרעקליך־שטיקענדע היץ, און ער האָט אַבגעווישט די אויגען, ווען ער האָט בעפעהלען לייטענאַנט וועיקסלער'ן, אַז אין צעהן מינוט צייט זאָל יעדער איינער אונבעדינגט זיין פערטיג ארויסצוטרעטען אין וועג.

ער האָט זיך ווירקליך אָנגעטהאָן א כח, געצוואונגען זיך צו געבען דעם בעפעהל. ווארים איצט, האָט ער גוט גע־וואוסט, קען מען שוין מעהר ניט אָבלעגען. האָט ער זיך גע־ווענדעט צו וועיקסלער'ן, ווייל ווען ער פלעגט איהם נור ארויפ־לאָזען אויף די סאָלדאַטען, איז אלעם צוגעגאַנגען רעגעלמע־סיג, ווי א מאַשין. זיי האָבען געציטערט פאר דיזען בחור'ל, וועלכער איז קוים צוואַנציג יאָהר אלט געווען, ווי ער וואלט געווען דער טייוועל אליין. און אָפּט האָט זיך טאַקע דעם קאַ־פּיטאַן אויך אויסגעוויזען, אַז עפּעס א רוח שטעקט אין וועיקסלער'ס בייגערדיג־דאַרע, איבערוואַקסענע פיגור. ס'האָט קיינמאָל, אין קיין פאַל, ניט א שטראַהל געטהאָן קיין פונק וואַרעמקייט פון זיינע קליינע דורכשטעכענדע אויגען, וועלכע האָבען אָבגעשפּיגעלט א פלאַטערענדען אונרוה און האָבען גע־פינקעלט ווי פון היץ. דער איינציגער צייכען פון יוגענד זיי־נען געווען די קליינע, קוים־מערקבאַרע וואָנצען אויף די צוזאַ־מענגעדריקטע ליפּען, וועלכע האָבען זיך קיינמאָל ניט גע־

עפּענט סיידען, ווען ער האָט גראָב און געמיין געבעטען צו בע־
שטראָפען עמעצן א סאָלדאַט. שוין כמעט א יאָהר ווי קאַפּי־
טאַן מאַרשנער וואָהנט מיט איהם צוזאַמען און ער האָט קיין
איין מאָל ניט געהערט איהם לאַכען, האָט קיין זאַך ניט גע־
וואוסט וועגען זיין פאַמיליע, פון וואַנען ער קומט, צי ער האָט
עמעצן בעקאַנטשאַפט און פערבינדונגען מיט וועמען. געדעדט
האָט ער זעלטען שעהן, אין קורצע, שנעלע זאַצען, און אַרויס־
זאָגען די ווערטער פלעגט ער מיט א שיפּען, ווי דער זידען פון
א פערשטיקטען צאָרן; און דער איינציגער ענין, וועגען וועל־
כען ער האָט האָלט געהאַט צו ריידען, איז געווען די דיענסט
אַדער די מלחמה. אַזוי ווי א חוץ אַט די צוויי זאַכען איז גאָר
ניט געווען אויף דער וועלט וועגען וואָס צו ריידען.

און אַט דיזען מאַן איז גראָד, ווי אויף צו־להכעיס, כמעט
דעם גאַנצען ערשטען יאָהר פון דער מלחמה אויסגעקומען אָב־
צוזיין ווייט אַהינטער׳ן שלאַכטפעלד. די מלחמה איז שוין
עלף און א האַלב מאָנאַטען אָנגעגאַנגען, און לייטענאַנט
וועיקסלער האָט נאָך קיין איין מאָן פון דעם שונא ניט גע־
זעהן. ביים סאַמע אָנפאַנג, בלויז עטליכע מייל אַריבער׳ן
רוסישען גרענעץ, איז ער קראַנק געוואָרען אויף טיפוס איי־
דער ער האָט נאָך אפילו איינמאָל א שאָס געגעבען.

איצט, ענדליך, איז ער געגאַנגען בעגעגענען דעם שונא!

קאַפּיטאַן מאַרשנער האָט געוואוסט, אַז דער יונגערמאַן
האָט אַן אייגענעם רעוואָלווער ביי זיך, און אַז ער האָט פאַר
די ביסעל אָבגעקאַרגטע געלט געקויפט א ספּעציעלע שפּאַק־
טיווע, אום צו וויסען אויף זיכער וויפיעל לעבענס ער וועט
ביים שונא אויסלעשען. און זינט זיי זיינען צוגעקומען
אַזוי נאָהענט, אַז די שיסעריי האָט זיך שוין געהערט, איז ער
געוואָרען כמעט פרעהליך, זאָגאַר ריידעוודיג, אָנגעצונדען פון
א נערוועזען חשק, ווי א פערקאָכטער יעגער, ווען ער פאַלט
אויפ׳ן סליאַד פון דער געיאָגטער חיה. דער קאַפּיטאַן האָט
געזעהן ווי ער דרעהט זיך אום צווישען די פערזאַמעלטע סאָל־
דאַטען, און ער האָט אָבגעדרעהט די אויגען: ער האָט ניט גע־
קענט צוקוקען ווי ער מוטשעט די פערמאַטערטע סאָלדאַטען

און בעגעהט זיך מיט זיי גראב־ברוטאל, ווי א הונט ווען ער טרייבט צונויף די שעפסען אין סטאדע. קיין צעהן מינוט וואלט ניט אריבער, ווי ער וואלט זיי שוין אלע־מען געהאט אויסגעשטעלט אין רייהען: אויף דערויף אין וועיקסלער מיט זיין היציג־אונגעדולדיגע נאטור געווען א בריה. און דאן — דאן וואלט שוין ניט געווען קיין תירוץ, קיין מעגליכקייט ווייטער אבצולייגען דאס אונפערמיידליכע.

קאפיטאן מארשנער האט טיעף אבגעאטהעמט און ארויפ־געקוקט צום הימעל מיט ברייט־פארנאנדערגעעפענטע אויגען, וואס האבען אין זיך געהאט א זאנדערבאר־אנגעשטרענג־טען בליק. אין דעם פאדערגרונד, אהינטער דעם משופע־דיגען בארג, וואס האט דעם ווירקליכען שלאכטפעלד פאר־שטעלט פון אויג, האבען די אונזיכטבארע מאשין־הארמא־טען געהאלטען אין קלאפען און קנאלען מיט א אטהעם־פער־כאפענדען האסט; און קוים א קלאפטער אריבער'ן שפיץ בארג זיינען קליינע געלבליך־ווייסע פעקלעך אומגעשוואומען געדייכטע קופקעסווייז, ווי שנעע־קוילען ארויפגעשליידערט הויך אין דער לופטען: דאס איז דער רויך פון דער וואנט־פייער דורך וועלכע ער האט עס איצט געדארפט פיהרען זיינע סאלדאטען.

ס'איז ניט קיין קורצער וועג: מ'מוז דורכגעהן צוויי קילא־מעטער פון דעם צווייטען עק בארג ביז'ן אריינגאנג צו די פערבינדונגס־טראנשעען און, גלייך דורכ'ן פרייען פעלד, אהן קיין שום שוץ. ס'איז זיכער ניט קיין לייכטע אונטערנעהמונג פאר א מחנה סאלדאטען פון דעם לעצטען רעזערוו־קלאס, בכבוד'ע פאמיליען־לייטע, וואס זיינען בלויז עטליכע שטונ־דען אויפ'ן שלאכטפעלד, און דארפען דאס איצט צום ערשטען מאל שמעקען פולווער און דעם ערשטען שפריץ פייער כאפען. ווארים פאר וועיקסלער'ן, וועלכער האט אין זינען בלויז דעם מעדאל פאר אויסצייכנען זיך אין דיענסט, וואס ער האט געגארט וואס שנעלער צו קריגען. — פאר איהם, א צוואנציג־יעהריגען כוואטסקען יונג, וועל־כער מיינט, אז די גאנצע וועלט דרעהט זיך נאר ארום

איהם, ארום זיין העכסט־וויכטיגע פערזענליכקייט, און האט קיין צייט א טראכט צו טהאן וועגען דעם אמת'ן ווערטה פון לעבען — פאר איהם מעג עס זיך זיין ניט מעהר ווי א געשמאק־אויפרעגענדער שפאציר, א נייער רייץ פאר די נערוועז, א זעלטענע געלעגענהייט אויסצוגעפינען זיך זעלבסט און ארויסצושטעלען די אייגענע כראברעקייט אין א גלענצענדע ליכט. אין הארצען האט ער שוין מסתמא לאנג געהאלטען אין מאכען חוזק פון דעם קאפיטאן'ס שוואכ־קייט, אונענטשלאסענהייט, און איז געווען שטארק אין כעס אויף דעם לעצטען אבהאלט, צוליעב וועלכען ער האט געמוזט נאך א האלבע שטונדע ווארטען מיט'ן ארויסווייזען זיין ערש־טען העלדענטהאט.

מארשנער האט מיט'ן בייטש א קאשע געטהאן די הויכע גראז און פון צייט צו צייט בגנבה א קוק געטהאן אויף זיין קאמפאניע. ווערליג זיי האבען זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס, פוילע, אבהענטיגע, ווי קינדער אויפגעריסענע פון שלאף, האט ער געקענט קלאר זעהן, אז זיי וויסען גאנץ גוט, וואוהין זיי קלייבען זיך איצט געהן. ס'האט איהם פערדריקט אין הארצען צוצוזעהן, ווי טרויעריג־שטיל, שטום זיי פאקען זייערע קלומקעס און קריכען אריין אין די רייהען.

פון אנפאנג פון דער מלחמה אן האט ער געהאלטען אין צוגרייטען זיך אט צו דעם מאמענט. טאג און נאכט האט ער וועגען דעם געטראכט; טויזענדע מאל האט ער צו זיך אליין געזאגט, אז ווען דער גליק פון דעם כלל שטעהט אין קאן, דארף דער אונגליק פון דעם איינצעלנעם זיך ניט רעכענען. און א געוויסענהאפטער אנפיהרער מוז זיך בעפאנצערען מיט גלייכגילטיגקייט. און דאך איז ער איצט געשטאנען און גע־פיהלט מיט שרעק ווי אלע זיינע ענטשלוסען ווערען צופאלען אין שטיקער און אין איהם פערבלייבט קיין זאך, א חוץ ווארימער אונענדליכער רחמנות צו דיזע צוזאמענגעטריבענע, רוהיגע, בעל הבית'ש־פריעדליכע מענשען, וועלכע האבען זיך איצט מיט אזא שטילען יאוש געגרייט צום טוידט. ס'האט אויסגעזעהן אזוי ווי זיי וואלטען גענומען אין די הענד דעם

לעבען זייערען, ווי עפעס א טהייערען חפץ. א קאסטבארע וואזע, און געטראגען עס אין שלאכטפעלד, אום א שליידער צו טהאן עס דעם שונא צו די פיס, און צושמעטערען עס אויף פיצלעך, ווי דאס וואלט קיין שום ברעקעל ווערטה ניט געהאט.

זיינע פריינד, וועלכע האבען איהם גערופען „אנקעל מארשנער", וואלטען קיינמאל ניט געוואגט זאגען. אז ער איז פעהיג צו בעגעהן עפעס א גרויזאמען טהאט, צום ביישפיעל אבשיקען צום קצב דעם קראליק'ל, וואס ער האט אויפגעהאדעוועט, אדער לאזען טהאן עפעס שלעכטס דעם הונד, וועלכען ער האט געהאלט. און איצט קומט איהם אט אויס צו טרייבען אין פייער, אינ'ם קוילען־האגעל, די מענשען, וועלכע ער אליין האט אויסגעמושטירט און מאנאטען־לאנג גע־וועז מיט זיי צוזאמען, געקענט זיי, ווי זיינע צעהן פינגער.

וואס קענען אבער דיעזע אלע מחשבות איצט העלפען? ער זעהט קיין זאך פאר זיך ניט. א חוץ די בליקען, פול מיט שרעק און תחנונים, וואס זיינע מענשען האבען צו איהם געווארפען, בעטענדיג שוץ, פונקט ווי זיי וואלטען געגלויבט, אז זייער קאפיטאן האט בכח אבצואווענ־דען די קוילען אן א זייט.

ווער ער איצט מיטבריינגען זייער צוטרויען? ווער ער שיקען דיזע גרויסע קינדער צום טוידט און ניט פיהלען קיין זאך דערביי?

ערשט צוויי טעג צוריק האט ער זיי געזעהען, ארומגע־רינגעלט פון זייערע קינדערלעך, זעגענענדיג זיך מיט זייערע בליפענדע ווייבער. ווער ער איצט מארשירען מיט זיי און זיך גאר ניט קימערען צי דעם אדער יענעם ווער טרעפען א קויל און ער ווער אנידערפאלען און זיך קארטשען אין טוידט־יסורים?

וואו זאל ער עס נעהמען מוטה און קרעפטען פאר אזא הארטהערציגקייט? פון דעם הויכען מלחמה־אידעאל?

ער איז שוין אויסגעוועפט, דיעזער אידעאל, האט קיין ממשות מעהר. מארשנער זעהט שוין איצט צו קלאהר, אז די

אלע פּאטריאטישע רייד זיינען ניט מעהר ווי פּוסטע ווער־טער. ער קען שוין איצט מעהר ניט דענקען, אז דיעזע ווער־טער זאלען זיין אימשטאנדע אפּצונארען, איינצושמועסען די סאלדאטען, וועלכע קוקען איצט מיט אימה אויף דער וואנט פייער, צו וועלכער זיי דארפען געהן, און זייערע נשמות זיינען פול מיט א בענקען אהיים.

לייטענאנט וועיקסלער, מיט א פערוואונדערטען יום־טוב׳־דיגען פּנים, איז צוגעגאנגען צו איהם און אריינגעשריען איהם אין געזיכט אריין, אז די קאמפּאניע איז פערטיג. דאס האט דעם קאפּיטאן דערלאנגט ווי א זעץ אונטער׳ן הארצען. ס׳האט געקלונגען ווי אן אויפפאדערונג. דער קאפּיטאן האט ניט ווילענדיג געהערט אין דעם די בעליידיגענדע פראגע. „נו, ווארום זייט איהר ניט אזוי צופריעדען פון דער פאר־שטעהענדער געפאהר, ווי איך בין?“

די בלוט האט דעם קאפּיטאן א קלאפּ געטאן צו די שלייפען. ער האט געמוזט אבקעהרען די אויגען, זיינע בליקען האבען אומגעוואנדערט און ניט ווילענדיג זיך אויפגעהויבען אין דער הויך צו די שראפּנעל־וואלקענס, זיך געווענדעט מיט א שטומער תפילה, א בקשה צו די געפיהללאזע, זינלאזע זאכען דארט. וואס האלטען נאכאנאנד אין קראכען און קנאלען אהן אונטערשיעד—א בקשה זיי זאלען דורך ליידען אנלערנען דיעזען קאלט־בלוטיגען בחור׳ל, איבערצייגען איהם, אז איהם קען אויך „כאפּען א קויל.“

אבער אין א ווייל שפּעטער האט ער ארונטערגעלאזען די קאפּ, א פערשעהמטער. ער איז געווארען אין כעס אויף דעם מאן, וואס האט געקענט אין איהם אויפוועקען אזא גע־פיהל.

„א דאנק. זאלען זיי שטעהן רוהיג. איך דארף נאך א מאל א קוק טהאן צו די פערד“, האט ער געענטפערט, ווי צעה־לענדיג די ווערטער, און מיט א געצוואונגענע געלאסענקייט, וואס האט איהם אליין בערוהיגט. ער האט ניט האלט מ׳זאל איהם טרייבען און בפרט נאך איצט. איהם

האט הנאה געטהאן צו זעהן, ווי דער לייטענאנט האט זיך א צאפּעל געטהאן, און ער האט צו זיך אליין שטיל־צופריעדען א שמייכעל געטהאן, ווען דער לייטענאנט האט אנגעשטעלט א כעס׳דיגען פּנים און העזה׳דיג א זאג געטהאן: „יא, מיין הערר!“ אבער שוין ניט אזוי הויך און ניט אזוי קלאר, נור דורך פערשטשירעטע צייהן און א פערשטיקטע האלז. אט זאל ער אויך איינמאל פערזוכען דעם טעם פון „כאפּען איבער׳ן שנוק“. פּונקט ווי ער אליין האט שטענדיג האלט געהאט צו בעל־הבית׳עווען איבער די סאלדאטען מיט א שיכור׳ע נצחון־מינע, ארויסווייזען זיין גבורה איבער זיי. אקוראט ווי ער וואלט עס אויפגעטהאן מיט זיין אייגענעם כח און ניט דורך דער הילף פון דער דיסציפּלין.

קאפּיטאן מארשנער איז מיט א כיון אוועק צום וועלדעל, און ס׳האט איהם שטארק הנאה געטהאן פון דעם, וואס ער האט נור וואס אנגעלערענט וועיקסלער׳ן. ווייל אין דערזעלבער צייט האבען אויך צוליעב דעם זיינע סאלדאטען געקראגען א ביסעל אברוה. פּיעלייכט וועט פּונקט אין דער צייט פּלאצען א קויל אויף אן ארט, איידער זיי וועלען אהין צוקומען. דאס הייסט, אז אין די עטליכע מינוט וועלען אויף אזא אופן גערעטעט ווערען די לעבענס פון א צוואנציג מענשען.

פּיליכט? און ס׳קען דאך אויך זיין פּונקט פּארקעהרט. איז איהם דורכגעלאפּען א געדאנק אין קאפּ; אט אין די עטליכע מינוט...

אה, וואס טויגען אט דיא אללע חשבונות? בעסער גאר ניט טראכטען פון דעם. ער וואלט גרייליך געוואלט העלפען זיינע סאלדאטען מיט וואס ער איז נור בכוח, אבער רעטען זיי קען ער קיינעם ניט.

און דאך, אפשר? איין מאן איז נור וואס געקומען צולויפען צו איהם פון וואלד. אט דעם האט ער זיך געסטארעט צו פערבעהאלטען אויף דער וויל. איהם און נאך זעקס האט מען אוועקגעשטעלט צו היטען די פערד און דעם באגאזש אין וואלד אהינטער די רייהען. איז דאס אן אונרעכט,

וואס ער האט גראד איהם אנגעשטעלט דארט? די אלע אי־בעריגע קלענערע בעאמטע זיינען געווען עלטער פון איהם און פערהייראטהע. דער קורצער דיקער מאן מיט די קרומע פיס האט זעקס קינדער אין דער היים. טא מיט וואס קען ער זיך רעכטפערטיגען פאר'ן אייגענעם געוויסען דערפאר וואס ער האט דיזען יונגען אונפערהייראטהען מאן איבערגעלאזען דא. ער זאל זיין אויסער'ן געפאהר?

מיט כעס א מאך טהאנדיג מיט'ן האנד, האט ער זיך איבערגעשלאגען די געדאנקען. ער וואלט זעהר געוואלט אנ־כאפען זיך אליין פאר'ן ברוסט און זיך אליין אויסטרייסלען. ווארום קען ער ניט לויז ווערען פון די פערשאלטענע געדאנ־קען און טראכטעניש וועגען דעם, וואס ס'איז רעכט און ניט־רעכט? איז דען דא פערבליבען א זכר פון גערעכטיגקייט, דא אין דער קעניגרייך פון קוילען, וואס לעגען אוועק טוידט דיא בעסטע און לאזען אויס דיא ערגסטע? האט ער דען ניט כמעט בעשלאסען שוין ביי זיך מעהר ניט צוצוהערען זיך צום געוויסען, אוועקצו־ווארפען אלע פריהערדיגע געדאנקען און געפיהלעכצען, פונקט ווי ער האט אלע זיינע ציווילע קליי־דער איינגעפאקט מיט קאמפאר און איבערגעלאזען אין דער הויז, וואו ער האט געוואהנט אין צייט פון פריעדען?

רודאלף מארשנער איז געווען אן אינזשעניער. א מאל, ווען ער איז נאך געווען א נארישער יונגערמאנטשיק, איז ער געווען אן אפיציער, אבער צו דרייסיג יאהר אלט, האט ער עס אוועקגעווארפען און גענומען זיך צו אינזשיניערען־ארבייט. וואס האט זיך בעסער געפאסט צו זיין איידעלען, פער'חלום'־טען כאראקטער. איצט, אין צוואנציג יאהר ארום, האט די מלחמה איהם ווידער פערוואנדעלט אין א סאלדאט. דאס איז געווען אן אונגליק, א דונער פון הימעל, וואס האט איהם געטראפען, איהם, פונקט ווי אלעמען, אהן זיין שולד, אדער זייער שולד. מ'האט אבער גאר ניט געקענט טהאן דערצו. מ'האט געמוזט איינגעהן אויף אלעס, און פריהער פון אלצ־דינג האט מען געדארפט אויסמיידען אט די שלעכטע געדאנ־קען, דעם קאמפף מיט'ן געוויסען. וואצו זיך מוטשען מיט

פראגען? אימיצער האט דאך בעדארפט בלייבען אהינטער אין וואלד אלס וועכטער. דער קאמאנדיר האט בעשלאסען, אז אט דער יונגער סערזשאנט זאל דארט שטעהן, שטעהט ער דארט, און אן ענד, וואס איז דא צו טראכטען?...

אבער דאס ערגסטע, דאס שמערצליכסטע איז געווען וואס ביים סאלדאט אויפ'ן געזיכט האט זיך קלאר געזעהן, ווי געריהרט ער איז: זיינע אויגען זיינען געווען פייכט און האבען געקוקט אויפ'ן קאפיטאן מיט היגמישע דאנקבארקייט. אבשטויסענד, פשוט עקעלהאפט! און וואס דרעהט ער א מח, וואס שטאמעלט ער עפעס וועגען זיין מוטער? ער דארף שטעהן אהינטער דער ליניע, ווייל די דייטשע פאדערט עס; זיין מוטער האט מיט דעם גאר ניט צו טהון. זי איז ערגעץ אין וויען און דא געהט דאך אן די מלחמה.

אזוי האט קאפיטאן מארשנער איהם געזאגט. ער האט ניט געוואלט ער זאל טראכטען, אז דאס טהוט מען איהם א בעזונדערע טובה, וואס מען שיקט איהם ניט אין שלאכט.

קאפיטאן מארשנער'ן איז גלייך געווארען גרינגער אויפ'ן הארצען, ווי נור ער האט זיך אנגעבייזערט אויף איהם. זיין געוויסען איז איצט געווען כמעט רוהיג, טאקע פונקט ווי דער סאלדאט וואלט ניט מעהר ווי דורך א צופאל אוועקגעשטעלט געווארען אהינטער די רייהען. אבער דיזער געפיהל האט ניט לאנג געדויערט. דער נארישער סאלדאט האט נאך אלץ מיט פערגעטערונג געקוקט אויף איהם, ווי אויף זיין רעטער. און ער האט ארויסגעשטאמעלט: „איך נעהם זיך די פרייהייט צו ווינשען אייך גליק, קאפיטאן”, שטעהענדיג אויסגעצויגען גלייך, שטייף, ווי א פלאקען; און מיט א הייזעריגער שטימע, וואס האט געציטערט פון פערשטיקטע טרערען. און אזא התלהבות, אזא פייערדיג־פארקאכטער איבערגעבענהייט האט געשטראהלט פון זיין וואונש, אז דער קאפיטאן האט פלוצלינג ווידער דערפיהלט א זאנדערבארע פוסטקייט טיעף אין הארצען, און ער האט זיך האסטיג אבגעקעהרט און איז אוועק.

איצט ווייס ער שוין. איצט קען ער זיך שוין משער זיין

אונגעפעהר אלעס, וואס וועיקסלער האט אויף איהם דערזעהן. איצט קען ער זיך שוין פארשטעלען וויא דער בחור'ל מאכט אין געהיים שפאס פון זיין עמפפינדליכקייט, פון זיינע צו־שוואכע געפיהלען, ווען אט דער פשוט'ער מענשעל, א פראסטער סטאליער, האט פערשטענען זיינע פערבארגענע געדאנקען. ווארים ער האט דאך צו איהם קיינמאל ניט גערעדט. מעהר ניט פארגעסטערן ביים ארויפשטייגען אויפ'ן צוג אין וויען האט ער גראד פארבייגעהענדיג בעמערקט, ווי ער זעגענט זיך מיט דער מוטער, אן אלטע, אויסגעמאגערטע, פערחושר'טע, איינגעשרומפפענע, קליינע פרוי. די הויט אויפ'ן געזיכט, אויסגעטריקענט פון צופיעל אלטקייט, איז ארונטערגעהאנגען פון די באקען. ווי אזוי האט דיזער חברה־מאן געקענט פערדעכטיגען, אז זי, אט די אלטע פרויקע, האט געמאכט אזא שטארקען איינדרוק אויפ'ן קאפיטאן? ער אליין האט, פערשטעהט זיך, ניט געוואוסט, ווי הארצרייסענד ס'האט אויסגעזעהן ,ווען זיין קליינע אלטיטשקע מאמע האט ארויפגעקוקט צו איהם פון אונטען ארויף און מיט איהר ציטערענדע האנד געגלעט זיין ברייטע ברוסט: צום פנים האט זי ניט געקענט דערגרייכען. קיינער האט דאך דעם סאלדאט ניט געזאגט, אז פון דאן אן, ווען נור דער קאפיטאן פלעגט א קוק טהאן אויף איהם, פלעגט ער, ניט ווילענדיג, זיך דערמאנען אן די אויסגעדארטע קליינע האנט, מיט גרויסע אדערען און דעם קאליר פון א לעמאן, און מיט די אויסגעקרימטע ווי סוקעוואטע פינגער, וואס האבען מיט אזא אונגעהויערע אונאויסדרוקבארע ליעבע געגלעט די פראסטע האריגע געוואנט פון שינעל. און דאך, האט ער, דער שעלמע, פארט דערפיהלט, אז אט די אלטע, דארע האנד שוועבט איבער איהם און שיצט איהם, אז זיא האט פאר איהם געבעטען, מתפלל געווען, און ווייד געמאכט די הארץ פון זיין אפיציער.

מארשנער איז געגאנגען איבער'ן לאנקע מיט א כעס אויף זיך אליין. ער האט זיך געשעמט, אזוי ווי אימיצער וואלט ארונטערגעריסען א מאסקע פון זיין פנים. איז עס

טאקע אזוי לייכט געווען ארייננצוקוקען אין איהם, אין זיין הארצען, ניט אכטענדיג אויף די גאנצע מיה זיינע צו בעהאלטען עס? ער האט זיך אבגעשטעלט אבצוכאפען דעם אטהעם, האט א שמיץ געטהאן מיט'ן בייטש די גראז, און הויך אויף'ן קול א זאג געטהאן א שימפף־ווארט. נו, מילא, ער קען ניט שפיעלען קיין ראלע ווי אן אקטיאר. ער קען ניט פלוצלונג לויז ווערען פון זיך אליין, ארויסשפרינגען פון די אייגענע הויט, אפילו ווען ס'זאלען נאך טויזענד וועלט־מלחמות זיין. זיינע פלימעניקעס און פלימעניצעס פלעגען זיך מיט איהם שפיעלען, אויספיהרען מיט איהם וואס זייער הארץ האט גלוסט, און ער פלעגט דערביי גוטמוטהיג לאכען. מ'קען זיך אין איין טאג ניט פערוואנדלען אין א פערקאכטען מלחמה־חסיד און פרעהליך געהן אין יאגד אויף מענשען. און ס'איז דאך אויך א ווילדע משוגעת צו פרובירען אלע מענשען איבערמאכען, אלעמען אויסגיסען אין איין פורעם! ווען וואלט עס איינפאלען צו מאכען פון וועיקסלער'ן א גוט־הערציגען פילאנטראפ? און פון איהם, פונדעסטוועגען, האט מען ערווארטעט, ער זאל זיך אזוי לייכט און שנעל פערוואנדלען אין א בלוט־דורשטיגען מיליטאריסט. ער איז דאך שוין איצט ניט מעהר קיין צוואנציג־יעהריגער יונגערמאנטשיק, וויא וועיקסלער. און אט דיזע שטילע, פערסאפעטע, אומעטיגע ליטע, וועלכע זיינען אזוי גרויזאם ארויסגעריסען געווארען מיט דיווארצלען פון זייערע היימען, זיינען יעדער איינער געווען פאר איהם א סך מעהר ווי א פשוט'ער ביקס, וואס מ'שיקט אין ווערקשטאט צום פערריכטען, ווען ס'ווערט צובראכען, אדער מ'שליידערט אוועק, אויב מ'קען עס שוין מעהר ניט פערריכטען. ווער עס קוקט זיך נאר גוט צו צום לעבען, פערטראכט זיך וועגען איהם, און זעהט איהם פון פיעלע זייטען, קען זיך ניט אזוי לייכט פערוואנדלען אין א מאשין, אין א שטיק סאלדאט, ווי זיין לייטענאנט וועיקסלער, וועלכער איז נאך ניט אויסגעמענשעלט און קוקט אויף דער וועלט בלויז פון'ם שטאנדפונקט פון דער מיליטערישער שולע און דער קאזארמע.

ס'פערשטעהט זיך, גאנץ אנדערש וואָלט דער עסק געווען אין אנפאנג פון דער מלחמה, ווען בלויז יונגע לייטלעך פלעגען ארויסשרייען פון די פענסטער פון די צוגען: זיי האָט זיך געוואָלט געהן אויף עפּעס א ריזיקאלע זאך. קיין שטארקע פערבינדונגען, א חוץ עלטערען, האבען זיי אין דער היים ניט איבערגעלאזען, און דאָ האָט זיך זיי געמאכט אַ געלעגענהייט א גלאנץ צו טהאָן, ארויסצו־ווייזען זיך פאר העלדען. דאן וואָלט קאפּיטאן מארשנער געווען אַזא בריה, ווי יעדער איינער, זאָגאר וויא דער שטרענגער לייטענאנט וועיקסלער, און נאָך אפשר מעהר. דאן האָבען די סאָלדאטען געמארשירט צו צוויי־דריי וואכען איידער זיי זיינען געקומען צום שונא, און די פעדים, וואָס האָבען זיי צו־געבונדען צום לעבען, זיינען איבערגעריסען געוואָרען איינציג־ווייז. זיי האָבען דורכגעליטען טויזענדע שוועריגקייטען און צרות, ביז אונטער'ן דראנג פון הונגער און דורשט און מיעד־קייט האָבען זיי ביסלעכווייז פארגעסען אלץ, וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזען אהינטער, ווייט אהינטער זיך. די שנאה צום שונא, וועלכער האָט זיי די אלע צרות אָנגעטהאָן, האָט דאן געטליעט און אויפגעפלאקערט אלץ גרעסער. איז דיא ווירקליכע שלאכט געווען אַן אפּרוה, נאָך דעם וויא מ'האָט זיך א לאנגע צייט אָנגעמוטשעט אָהן טהעטיגקייט.

איצט אָבער איז עס צוגעגאנגען שנעל ווי א בליץ. פאר־געסטערן זיינען זיי נאָך אין וויען געווען, און יעצט — נאָך מיט די געזעגענונגס־קושען אויף די ליפּען, ערשט נאר וואָס זיך ארויסגעריסען איינער פון דעם אנדערענס ארמס — שוין גלייך אין פייער פון שלאכט אריין, און ניט בלינדער־הייד, ניט־פערדעכטיגענדיג, ווי ס'פלעגט זיין מיט די ערש־טע סאָלדאטען אין אָנפאנג פון דער מלחמה. פאר די איצ־טיגע סאָלדאטען האָט שוין די מלחמה מעהר קיין סודות ניט געהאָט. יעדער איינער פון זיי האָט שוין געהאט פארלארען אויפ'ן שלאכטפעלד עפּעס א פריינד, צי א קרוב; יעדערער האָט שוין גערעדט מיט א פערוואונדעטען, געזעהן צוקאליע־טשעטע, צו'ממית'טע סאָלדאטען, און האָט שוין געוואוסט

וועגען הארמאטען־קוילען, גאז־גראנאטען, און פליסענדען פייער מעהר ווי אן ארטילעריע־גענעראל אדער שטאב־דאקטוירים האבען געוואוסט פאר דער מלחמה.

און אט איצט איז עס אויסגעפאלען פאר׳ן קאפיטאן דער גורל צו פיהרען דיזע מענשען, וועלכע מ׳האט אזוי בארמלאז אויסגעריסען פון זייערע היימען, און וועלכע האבען שוין אלץ געוואוסט. און ווער? ער, דער צוריקגעצויגענער קאפיטאן, דער ציווילער מאן, וועלכער האט פריהער געמוזט בלייבען אין דער היים און מושטירען רעקרוטען. איצט, אז ס׳איז טויזענד מאל שווערער צו געהן אין שלאכט, איז איהם גראד אויסגעקומען צו זיין אן אנפיהרער און ער האט ניט געוואגט צו ענטזאגען זיך פון דער אויפגאבע, וועלכע איז געווען ניט פיר זיינע כחות. פערקעהרט, אויס אנשטענדיגקייט, האט ער נאך געמוזט פאדערן, מ׳זאל איהם וואס שנעלער שיקען, אום די אנדערע, וואס האבען שוין גענוג בלוט פארגאסען אויפ׳ן שלאכטפעלד, זאלען ניט דארפען פאר איהם געהן אין פייער.

א שווערער, מאכטלאזער צארן האט זיך אין איהם אויפגעהויבען, ווען ער איז ארויס און זיך אוועקגעשטעלט אנטקעגען זיינע סאלדאטען, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט אין געדיכטע רייהען. מיט פארכאפטע אטהעמס האבען זיי געקוקט אויף זיינע ליפען. וואס וועט ער זיי זאגען? ס׳האט איהם געעקעלט ארויסצוזאגען די געוועהנליכע פאטריאטישע פראזען, וואס פלעגען זיך פון זיך אליין ארויספרייסען פון די ליפען, ווי אן איינגע׳חזר׳טער פסוק. מאנאטען לאנג האט ער זיך ארומגעטראגען מיט׳ן געוואנטען בעשלוס ניט צו זאגען דעם געוועהליכען פסוק: „ס׳איז זיס און שעהן צו שטארבען פאר׳ן פאטערלאנד“, — ניט צו זאגען עס, אפילו ווער ווייס וואס פאר א שטראף ער זאל דארפען דערפאר בעצאהלען. קיין זאך איז איהם ניט אזוי עקעלהאפט ווי צו זאגען א לויב־געזאנג פאר מקריב זיין דעם לעבען. ס׳איז א מיאוס׳ער, נידערטרעכטיגער שפאס צו ריהמען דאס אויפאפפערען זיך אין דער צייט, ווען א פשוט׳ער מארד ווערט גאר בעגאנגען.

ער האָט פערשטשעמעט די ציינער און שעמעוודיג ארונ־טערגעלאָזען די אויגען פאר דער וואנד בלייכע פנים׳ער. דער נארישער קינדערשער געבעט, „בעשיץ אונז!“ האָט ווילד ארויסגעקוקט, ארויסגעסטארטשעט פון אָט די אלע אויגען. דאָס האָט איהם ממש פון זינען געריהרט.

אך, ווען ער וואָלט נור געקענט זיי אלעמען צוריק אוועק־שיקען צו זייערע היימען, און ער אליין זאָל געהן אין שלאכט!

ער האָט זיך אָנגעטהאָן א כח, זיך א ריס געטהאָן, אויס־געשטרעקט די ברוסט, אָנגעשטעלט די אויגען אויף א מעדאל, וואָס א סאָלדאט אין מיטען פון דער רייהע האָט געטראָגען. און האָט געזאָגט:

„קינדער, מיר געהען איצט בעגעגענען דעם שונא. איך ריכט זיך, אז יעדערער פון אייך וועט טהאָן זיין פפליכט, טריי צו דער שבועה, וואָס ער האָט געשוואָרען צום פאטער־לאנד. איך׳ל ניט פערלאנגען קיין זאך, וואס ס׳איז ניט אבסאָ־לוט נויטיג פאר׳ן גליק פון אונזער פאטערלאנד און דע־ריבער אויך אייער גליק, ווי אויך צו בעשיצען אייערע פרויען און קינדער. איהר קענט זיך אויף דעם פערלאָזען. כ׳ווינש אייך גליק! און איצט — פאָרווערטס, מארש!“

אונבעוואוסט פאר זיך אליין, האָט ער נאכגעאמט וועיקסלער׳ס שטימע, זיין אוננאטירליך־הילכיגען, שניידענ־דען קול צו בעפעהלען. געטאן האט ער עס אום צו פער׳חלש׳ן, דערשטיקען די אויפרעגונג, וואָס האָט געציטערט ביי איהם אין האלז. ביי די לעצטע ווערטער האָט ער האסטיג א ווארף געטאָן די בליקען ארום זיך, און ניט ארומקוקענדיג זיך האט ער איבער׳ן אקסעל דערלאנגט דעם לעצטען בעפעהל צו די סאָל־דאטען אויסצוציהען זיך אין די רייהען, און מיט אן ארונטער־געלאזענעם קאָפּ אויפ׳ן ברוסט, האט ער גענומען ארויפמארשי־רען, שטעלענדיג גרויסע טריט. אהינטער איהם האבען גע־נומען סקריפּען שטיוועל, בלעכענע עמערלעך און אנדערע כלים האבען געליארמט, געבריאזגעט. באלד האָט זיך אויך דערהערט דער סאָפּען פון די שווער־בעלאָדענע סאָלדאטען.

ווי א שווערער, שטיקענדער געריך פון שוויים האט זיך ארונ־טערגעלאָזען אויף די מאַרשירענדע.

מארשנער האָט זיך פאר זיך אליין געשעהמט: ער האָט מכיש אזש דערפיהלט א עקעל און נודאָטע פון דער ראָלע, וואָס ער האָט נור וואָס אָפּגעשפּיעלט. וואָס קענען זיי טהאָן, אָט די פּשוט'ע מענשען, די מוליאַרעס, טעשס־ליארעס, ערד־ארבייטער, אינזשיניערען, וועלכע האָבען ביז איצט געלעבט בשלום, געטהאָן זייער טאָג־טעגליכע ארבייט און גאָר ניט א טראַכט געטהאָן וועגען דער צוקונפט — וואָס קענען זיי טהאָן, אַז זייערע לעהרער, זייער אייגענער קאַפּיטאַן מיט דריא דריי גאָלדענע „שטערען" אויף'ן קאָלנער, פערזיכערען זיי, אַז ס'איז זייער פליכט און א העכסט־ליבענסווערטהע זאַך צו שיסען און צושמעטע־רען אין פּיצלעך די איטאַליענישע מויערער, אינזשיניערען און פּויערים?

נו, געהען זיי, שטענדיג, סאָפּענדיג, אהינטער איהם, און ער — פיהרט זיי! ער פיהרט זיי, געגען זיינע אינערליכע איבערציינגונגען, ווייל ער איז א קליינליכער, טרוי־עריגער פּייגלינג, און האָט זיי אויפגעמונטערט צו זיין מוטהיג און פעראַכטען דעם טויט. ער האָט זיי עם איינגעשמועסט, האָט מיסגעבריכט זייער צוטרויען, האָט זיך בענוצט מיט זייער ליעבע צו זייערע פרויען און קינדער, וואָרים בענוצענדיג זיך מיט א ליגען, האָט ער נאָך געהאַט א מעגליכקייט ווייטער צו לעבען. און נאָך אפשר ווידער צו קומען אהיים א גאַנצער, וועהרענד אויב ער וואָלט זיך געהאַלטען פאַר'ן אמת, וועלכען ער האָט געפיהלט און געזעהן קלאָר, וואָלט מען איהם זיכער אוועקגעשטעלט ביי א וואַנד און דערשאָסען אלס פעררעטהער.

האָט ער, הייסט עס, איינגעשטעלט אין קאָן זייערע לע־בענס און זיין אייגענעם לעבען, ווייל ער האָט ניט געהאַט דעם מוטה צו אָפּפערען בלויז זיין לעבען.

די זון האָט בארמלאָז גע'שרפה'עט דעם הוילען משופּע־דיגען זייט בארג. דער קראַכען פון פּלאַצענדע באָמבעס פון דער ווייטען, דער פּויקען און קנאַלען פון מאַשין־האַרמאַטען.

דער דונערען פון זייער אייגענע ארטילעריע האט זיך איצט צונויפגעמישט מיט דעם ליארם און געפילדער פון די שיסערייען פון די קאנאנען קוילען, וואס האבען געדונערט אין דער לופטען און געווארן אלץ נעהענטער און נעהענטער. און צום שפיץ בארג איז מען נאך אלץ נים געקומען. דער קאפיטאן האט געפיהלט, אז ער פערליערט דעם אטהעם. ער האט זיך אפגעשטעלט און אויפגעהויבען די האנד: זאלען די סאלדאטען זיך אבשטעלען, אבכאפען א רגע דעם אטהעם; זיי מארשירען שוין פון פיער אוהר בעגינען; זיי האבען זיך גאנץ גענוג אנגעגאנגען מיט זייערע פערציג־יעהריגע פים. דאס פיהלט ער גאנץ גוט אן זיך.

פול מיט'ן טיעפען מיטלייד האט ער געקוקט אויף די בלוייליך־רויטע פנים'ער, פון וועלכע דער שוויים האט געקאפעט, און ער האט זיך א צאפעל געטהאן, ווען לייטענאנט וועיקסלער איז צוגעקומען צו איהם מיט גרויסע טריט. פאר־וואס האט ער עפעס נים געקענט מעהר אנקוקען זיין געזיכט און נים פיהלען דאביי, ווי אימיצער וואלט איהם שטארק אנגעגריפען, ווי א האס וואלט איהם געכאפט שטיקען ביים האלז, און ער קען זיך נים קאנטראלירען? ער האט דאך אייגענטליך נאר בעדארפט זיין צופריעדען צו האבען איהם לעבען זיך: איין בליק אין דיזע קאלטע גלאסענע אויגען איז גענוג צו דערשטיקען אין זיך יעדען שפור פון מיטלייד.

„מיט אייער ערלויבניס, קאפיטאן", האט ער געהערט זיין טרוקענע קראצענדיגע שטימע, „איך געה אריבער צום לינקען זייט. א פאר חברה־לייט דארט געפעלען מיר זעהר שטארק נים. איבערהויפט סיממעל, דער רויט־קעפיגער הונט. ער האלט רק אין איינגורען דעם קאפ. וויא נאר א שראפנעל פלאצט דארט ערגעץ."

מארשנער איז געוועזן שטיל. דער רויט־קעפיגער הונט סיממעל? איז דאס דער רויטער מאן ביים עק אין דער צווייטער רייהע, דער טאפעציערער, וועלכער האט ביז דער לעצטער רגע געטראגען אויף די הענד די ליעבע קליינע מיידעלע — ביז'ן לעצטען מאמענט, ביז וועיקסלער האט

איהם גרויזאם, ברוטאל אוועקגעטריבען צום צוג? דעם קאפיטאן האט זיך געדוכט, אז ער זעהט נאך איצט פאר זיך דאס קינד'ס ערשטוינטען בליק, געווענדעט ארויף צו דעם שטארקען מאן, וועלכער האט זיך עס געבייזערט אויף איהר טאטען.

„לאז איהם צורוה, ער'ט זיך מיט דער צייט צוגעוואוינען צו דעם", האט ער מילד געזאגט, „איהם ליגען נאך אין קאפ די קינדער, און ס'איז ניטא וואס צו איילען זיך צו מאכען זיי פאר יתומים. די לייטע קענען ניט אלע זיין העלדען. אויב זיי טהוען נור זייער פליכט..."

וועיקסלער'ס געזיכט איז געווארען הארט פערגליווערט. זיינע דינע ליפען האבען זיך צוזאמענגעדריקט אין יענעם אונאנגענעהם־שווערען פערעכטליכען אויסדרוק, פון וואס דער קאפיטאן האט שטענדיג דערפיהלט, ווי מ'וואלט איהם דערלאנגט א שמיץ מיט א בייטש.

„ער האט איצט גאר ניט וואס צו טראכטען פון זיינע קינדער, זאנדערן פון זיין שבועה צום פאטערלאנד, צו זיין האהייט, צו זיין הויפט־קאמאנדיר! איהר האט דאך עס אליין זיי נאר וואס אזוי געזאגט, קאפיטאן".

„יא, יא, כ'ווייס, אז איך האב געזאגט", האט קאפיטאן מארשנער צוגעשאקעלט פערטראכטערהייד, און האט זיך לאנגזאם ארונטערגעלאזען אויפ'ן גראז. ס'איז פאר איהם ניט געווען קיין איבערראשונג וואס דיזער איינגעל האט אזוי גערעדט, אבער דער קאפיטאן האט זיך דערמאנט, אז מיט פינף און צוואנציג יאהר צוריק, ווען ער אליין איז ארויס פון דער מיליטערישער אקאדעמיע, און האט געברענט מיט ענטהוזיאזמוס, האבען אט די אלע פראזען „שבועה צום פאטערלאנד", „זיין האהייט", און „הויפט־קאמאנדיר", איהם אויך אויסגעוויזען צו זיין די הויפטזאך אין דער גאנצער וועלט. דאן, אין יענע טעג, וואלט ער געווען פונקט ווי דיזער בחור'ל, און וואלט געגאנגען אין מלחמה פול מיט פרייד און בעגייסטערונג. אבער איצט, אז ער קען שוין מעהר ניט בעגייסטערט ווערען פון דעם פוסטען קלאנג פון דיזע

הויכע ווערטער, און ער זעהט קלאָהר, ווי אזוי זיי זיינען אויפגעבויט, אויפגעבלאָזען געוואָרען, טאָ ווי אזוי זאָל ער קענען נאָכהאַלטען דיא יונגע, וועלכע זיינען לייבט־גלויביג צו אַלעם, וואָס זיי הערען נור? ווי קען מען מאַכען כּוּאבּרע, געוואַגטע מענשען פון רוהיגע, שטילע, שמאָל־קע־פּיגע נפשות, ווען דער לעבען האָט אזוי געצוימט, אז זיי האָבען אין דער היים געקענט אומגעהן און הונגערן און ניט אַגריהרען אפילו קיין אוצרות גאָלד, וואָס זיינע געווען אַב־געטהיילט פון זיי בלויז מיט א דינער גלעזערנער ווענטעל? ווי קען מען פאָדערען פון דעם טאָפּעצירער סיממעל דאָס זעל־בע, וואָס פון דעם לייטענאַנט, וועלכער האָט שטענדיג גע־וואָלט ניט אנדערש זיין דער ערשטער אין פעכטען, אין ראַנג־לען זיך און אין אנדערע ספּאָרט־זאכען? האָבען זיך דען סטאַ־טעטשנע, בכבוד'ע בעלי־בתים ווען אויסגעצייכענט מיט העל־דענמוטה, און געלד־גייציגע מענשען מיט גוטע זיטען? קען איין און דערזעלבער מאַן זיין אי צוואַנציג, אי פינף און פער־ציג יאָהר אלט אין איין און דער זעלבער צייט?

צוזאמענגעקארטשעט, דעם קאָפּ צונויפגעדריקט צווישען די קולאַקעס, איז דער קאַפּיטאַן אזוי געלעגען, אריינגעטהאָן אין דיזע מחשבות, אז ער האָט אין גאַנצען פערגעסען אויף וואָסער וועלט ער איז. דער לייטענאַנט האָט עטליכע מאָל געפּרובירט אויפטשוכען איהם, ברענגען איהם צו זיך: ער איז פאַרביינעגאַנגען לעבען איהם, און גענומען שרייען הויך אויף די סאָלדאַטען; אָבער ס'האָט ניט געהאָלפען. ענדליך האָט דער טופּען פון א פערד'ס קאַפּיטעס געבראַכט איהם צו זיך. אַן אָפּיצער האָט גערימען איבער דעם שטעג, וואָס האָט זיך געצוי־גען אַרום באַרג אין מיטען וועג פון דער הויך. ער האָט געטראַ־גען א הויכע היטעל, דער צייכען, אז ער איז א מיטגליעד פון גענעראַל־שטאַב. ער האָט איינגעהאַלטען דעם פערד, העפליך א פרעג געטהאָן, וואוהין די קאָמפּאַניע מאַרשירט, און האָט פערריסען די ברעמען, ווען קאַפּיטאַן מאַרשנער האָט איהם ערקלערט, וואָס פאַר א פּאָזיציאָן זיי שפּאַרען זיך איצט צו פערנעהמען.

„אה, אהין גהעט איהר עס ?" האט ער אויסגערופען, און די העויה אויף זיין געזיכט האט זיך אבגעקרימט אין א דרך־ארץ'דיגען שמייכעל. „נו, איך גראטוליר אייך! איהר געהט אין דעם סאמע ערגסטען, געדיכטסטען טומעל. דריי מעת־לעת מאטערען זיך שוין די איטאליענער דורכצורייסען זיך. איך וועל אייך ניט אבהאלטען אפילו א רגע. די פערמאטער־טע סאלדאטען דארט וועלען זיך שטארק דערפרעהען, זיי חלש'ען א וויילע אפרוהען. כ'ווינש אייך גליק!"

ער האט גראציעז א ריהר געטהאן דעם ברעג היטעל. דער פערד האט זיך א ריס געטהאן אונטער דעם דרוק פון די שפארעס, און זיך אוועקגעטראגען.

דער קאפיטאן האט איהם נאכגעקוקט, ווי א צוטומעל־טער. אין זיינע אויערען האבען אבגעקלונגען די ווערטער. „נו, איך גראטוליר אייך!" א מאן, א ציכטיג־געלקיידטער, א גוט־אויסגערוהטער, פריש און ריין, זעהט צוויי הונדערט סאלדאטען, וואס געהען צום טוידט; ער זעהט זיי פער־שוויצטע, אהן אן אטהעם, אויף'ן סאמע שוועל פון פערניכ־טונג; ער ווייס, אז ניט איין געזיכט פון די, וואס קוקען איהם איצט נייגעריג אן, וועט אין א שטונדע ארום ליגען אין גראז א צוקרוטשעטער פון אונערטרעגליכע יסורים, אדער א טוידט־פערגליווערטער — און פונדעסטוועגען זאגט ער זיך מיט א שמייכעל, „נו, איך גראטוליר אייך!" און ער פאהרט זיך אוועק, און קיין שום שרעק שוידערט איהם ניט אויף, קיין שאטען פאלט ניט אויף זיין שטערן!

די בעגעגעניש וועט זיך פערגעסען, פערשווינדען פון זיין זכרון, ניט איבערלאזענדיג קיין סליאד. ביי וועטשערע דעמ־זעלבען אבענד וועט איהם שוין אפילו אין דער לינקער פאה ניט ליגען דער חבר, וועמעס האנד ער האט מסתמא צום לעצטען מאל געדריקט. פאר דיזע איינציגע אויסערוועהלטע, די יחידי סגולה, וואס זיצען זיך רוהיג אהינטער די שלאכט־ליניעס און טרייבען מחנות מענשען אין פייער אריין, איז עס א קלייניגקייט אוועקצושיקען צום טוידט א קאמפאניע סאל־דאטען. און דער אונגליקליכער רויט־האריגער טאפעציר־

דער דאָ ציטערט, נורענדיג דעם קאָפּ צווישען די אַקסלען און
מיט שרעק פאַרנאַנדערפענענדיג די אויגען. אַקוראַט ווי דער
שיקזאַל פון דער גאַנצער וועלט וואָלט זיך ווענדעט אָן דעם
צי ער וועט נאָך אַ מאָל טראָגען אויף די הענד זיין קליינינ־
קע רויט־קעפּיגע מיידעלע, צי ניט. ס'פערשטעהט זיך, ווען
מ'זאָל קוקען אויף דער גאַנצער אַנגעלעגענהייט פון דער ווי־
טען — אַלס אַ מיטגליעד פון גענעראַל־שטאַב, וועלכער קוקט
נאָר אויפ'ן הויפּט־ציעל, דאָס הייסט, אַז פריהער אָדער שפּע־
טער וועט דער זיעג געפייערט ווערען ביים קלונג פון די כוסות
משקה — נו, פון דעם שטאַנדפּונקט איז וועיקסלער גערעכט!
ער מוז, נאַטירליך, אויפגעבראַכט ווערען, אַז אַזעלכע פּרעכ־
טיגע גלענצענדע פּאַטירונגען, ווי די וויכטיגע שלאַכט, זאָלען
קריגען אַ פּנים פון חוזק צוליעב אַזאַ שוואַכהערציגען נפש ווי
סימכעל און פערפּאַטשקעט ווערען פון עפּעס אַ צרה'דיגע
פאַמיליען־אַנגעלעגענהייט.

„די סאָלדאַטען דאָרט נעבעך!" אַ קאַלטער שווידער
איז איהם דורכגעלאָפען דורכ'ן רוקען־ביין. דעם שטאַב־
אָפיציער'ס ווערטער האָבען פּלוצלינג אַרויסגערופען אין זיין
דמיון אַ בילד פון דער צושמעטערטער, אין־בלוט־דורכגעווייק־
טער טראַנשעע, וואו די סאָלדאַטען, טוידט־מיעדע, וואַרטען
איצט אויף איהם, ווי אויף זייער אויסלעזער. ער האָט זיך
אויפגעהויבען מיט אַ קרעכץ, און אַ בייזער ווילדער צאָרן
האָט איהם אָנגעכאַפּט: איז גאָר קיין אויסוועג ניטאָ, ניט
אהער און ניט אהין! מיט יעדע מינוט רוה, וואָס ער גיט
דאָ זיינע מענשען, בעגעהט ער גנבה, זאָגאָר מאָרד געגען די
סאָלדאַטען דאָרט אין דער טראַנשעע. ער האָט אַ מאַך גע־
טהאָן מיט די הענד און אוועקגעשפּריזט פּאָרווערטס, פעסט
בעשלאָסען ניט צו רוהען מעהר קיין רגע ביז ער וועט ניט
דערגרייכען די טראַנשעע, וואָס ער דאַרף מיט זיינע לייטע
פערנעהמען און אָנהאַלטען. זיין געזיכט איז געווען בלאַס
און פערזאָרגט און פלעגט זיך פערקרימען אין אַ יסורים־
שמייכעל יעדען מאָל, וואָס ער פלעגט דערהערען דעם לייטע־
נאַנט'ס אויפרייצענד־האַריגע, טרוקענע שטימע, וואָס האָט

ביים צווייטען עק געהאלטען אין שרייען: „פארווערטס! פארווערטס!“

פלוצלינג איז ער געבליבען שטעהן שטיל. אין מיטען דעם ליארם, דעם קראכען און עקספלאזיאנען פון די ארטי־לעריע, האט זיך מיט א מאל דערהערט א נייער טאן, וועלכער האט זיך אויפגעהויבען העכער פון דעם גאנצען איבריגען גע־רויש. ער האט זיך גערוקט מיט אזא הילכיג־שניידענדען קלאנג, מיט אזא אונבעשרייבליכע שנעלקייט, מיט אזא פירכ־טערליכען דראהען, אז ס'האט זיך געדוכט, מ'קען איהם זעהן. טאקע ווי איהר וואלט ווירקליך געזעהן, וויא א קווימשענדער האלבער קרייז הויבט זיך אויף אין דער לופטען, רייסט זיך דורך און גיט א שפרונג אויף אימיצענס א שטערן און ווערט צופלאצט מיט א קורצען, שארפען קנאל ווי דער שמיץ פון א בייטש. און עטליכע טריט ווייטער האט זיך אויפגעהויבען א קנויל שטויב, און א האגעל שטיינער האט גענומען שמיי־סען און קלאפען דעם גראז.

א שראפנעל־קויל!

קאפיטאן מארשנער האט זיך ארומגעקוקט און איבער־ראשטער, און צו זיין שרעק האט ער געזעהן ווי אלעמענס אויגען זיינען געווענדט צו איהם, ווי זיי וואלטען בעטען ביי איהם אן עצה. א זאנדערבארער שמייכעל פון פערשעהמט־קייט און צוטומעלטקייט האט ארומגעשוועבט ארום זיינע ליפען.

ס'איז זיין פליכט צו שטעלען זיך אלס ביישפיעל פאר דיא סאלדאטען. צו מארשירען ווייטער, אזוי וויא עס זאל איהם גאר ניט אארען, און ניט אבשטעלען זיך, ניט ארומ־קוקען זיך אפילו. אייגענטליך האט ניט אויסגעמאכט וויא מ'זאל זיך ניט אויפפיהרען: אנטלויפען אדער בעהאלטען זיך קען מען דאך ניט. ס'איז בלויז א פראגע פון צופאל: דורך א צופאל נאר האט מען געקענט פארבליי־בען לעבען. בלייבט איצט, אלזא, נאר איין זאך צו טהאן: צו געהן פאראויס און זיך מאכען ניט זעהענדיג. ווען אין דער קאמפאניע זאל זיין כאטש איין מאן, וואס זאל בעוויזען,

אז ער שרעקט זיך ניט, אז איהם אארט קיין זאך ניט. וואלטען דיא איבעריגע זיך געשעהמט אבצושטעהן און וואלטען איהם נאכגעגאנגען. און דאן וואלט אלץ געוואונען געווארען. ער האט עס געזעהען אן זיך, וויא דער געפיהל, אז מען קוקט אויף איהם פון אללע זייטען. האט איהם אויפגעמונטערט. ווען ער וואלט געווען איינער אליין, וואלט ער זיך אפשר א ווארף געטאהן אויף דער ערד און געפרואווט זיך פארבעהאלטען אהינטער א שטיינדעל אפילו.

„ס'איז ניט מעהר וויא אן אויסגעשאסענע קויל! פארווערטס, קינדער!" האט ער א געשריי געטאהן. און דער געדאנק, אז ער וועט העלפען, וועט אויפמונטערען זיינע סאלדאטען, האט איהם געמאכט אזש פרעהליך. אבער איידער דיא ווערטער זאבען אוספעיעט ארויס פון זיין מויל האבען נאך קוילען דורכגעהוזשעט אין דער לופטען. געגען זיין איינענעם ווילען האט זיין קערפער זיך א צאפעל געטאהן און דער קאפ האט זיך ארונטערגעלאזען צווישען דיא אקסלען. איז ער פון דעם געווארען אזוי אין כעס, אז ער האט פערשטשירעט דיא צייהן און פערשטשעמעט דיא קולאקעס. א צאפעל געטאהן האט ער זיך ניט פון דעם, וואס דער קוויטש איז געפלויגען אזוי האסטיג צו איהם, נאר וואס דער האלבער קרייז האט זיך אזוי מאדנע פינקטליך אויסגעדרעהט אנטקעגען זיינע אויגען (אקוראט וויא א צייכנונג ביי א לעקציע איבער ארטילעריע). אט דער אונגאטירליכער געפיהל פון דערשפירען א קלאנג מעהר מיט'ן אויג וויא מיט'ן אויער. האט עס פאראליזירט זיין ווילען.

מען האט אבער געמוזט עפעס טאהן צו שאפען א צויבער, אבצונארען זיך, ס'זאל זיך אויסדוכטען. אז מ'איז ניט אין גאנצען שוצלאז.

„פארווערטס, לויפט!" האט ער אויסגעשריען אויפ'ן סאמע העכסטען קול, צושטעלענדיג דיא האנד צום מויל, וויא א טרויב. א מענאפאן. דיא שטימע זאל זיך הערען וואס ווייטער. דיא אנשטרענגונג איז ארונטער פון זייערע פנים'ער; יעדער איינער איז געזוען עפעס פערנומען מיט זיך אליין.

אין אומגעפאלענע, אויפגעשטאנענע, האט אנגעכאפט עפעס א חפץ פון די כלים, וואס איז שוואך געהאנגען ; און אין אלגעמיין געסאפעט, געכראפעט, און כמעט וויא ניט בעמערקט דעם סווישטש פון די אנקומענדע קוילען.

אין א ווײלע ארום האט זיך קאפיטאן מארשנער'ן אויס־געדוכט, אז אימיצער הוזשעט איהם אין לינקען אויער אריין. ער האט א דרעה געטאהן דעם קאפ און דערזעהן ווי וועיקס־לער לויפט לעבען איהם, מיט א פעררוויטיגטען פנים.

„וואס איז שוין ?" האט ער איהם א פרעג געטאהן, און ניט ווילענדיג גענומען געהן אנשטאט לויפען.

„קאפיטאן, ערלויבט מיר אייך ערקלעהרען. אז מען מוז מאכען א ביישפיעל און בעשטראפען ! דער פייגלינג סיממעל נעהמט אוועק דעם מוטה ביי דער גאנצער קאמפאניע. ביי יעדען שראפנעל קויל גיט ער זיך א שליידער אויף דער ערד און שרייט „יעזוס, מיין רעטער". ער שרעקט אלע סאלדאטען איבער. מען מוז פון איהם מאכען א ביישפיעל. א..."

א שאס פון פיער שראפנעל־קוילען האט א הוזשע גע־טהאן אין מיטען פון זיין זאץ. די קוויטשעריי, האט זיך געדוכט, ווערט העכער, שטארקער, שניידענדער. דער קאפי־טאן האט דערפיהלט, וויא א ריעזיגע בלישצענדע קאסע האט א בליץ געטהאן, און וויא אין א משופע'דיגען בויג זיך א טראג געטאהן צו זיין שארבען. ער האט אבער יעצט ניט געוואגט אפילו א פינטעל מיט אן אויג צו טאהן. זיינע גליע־דער האבען זיך שטייף צוזאמענגעצויגען, צוזאמענגעקלעמט. ווי ער וואלט געזעסען ביים דענטיסט אין שטוהל. ווען די אבצווייגע נעהמט איהם אן דעם צאהן. אין דער זעלבער צייט האט ער זיך איינגע־קוקט אין דעם לייטענאנט'ס געזיכט, נייגעריג צו וויסען, ווי אזוי ער נעהמט אויף דיא שלאכט, נאך וועלכער ער האט אזוי געגארט. ס'האט אבער אויסגעוויזען, אז דער לייטע־נאנט בעמערקט גאר ניט דיא שראפנעל־שיסעריי. ער האט פעררריסען דיא קאפ אכטונג צו געבען אויפ'ן לינקען פליגעל. „את, קוקט, קאפיטאן". האט ער אויסגעשריען מיט ענט־

ריסטונג. „איהר זעהט? דער געמיינער הונט ליעגט שוין ווידער מיט פנים אויף דער ערד. איך געה צו איהם!"

איידער מארשנער האט אוספעיעט איהם אבהאלטען, איז ער אוועקגעלאפען. אבער אויפ'ן מיטען וועג האט ער זיך אבגעשטעלט, געבליבען שטעהן א ווייל און זיך אומגעקעהרט א געערגערטער.

„ער איז פערוואונדעט", האט ער א זאג געטהאן מיט אן אומעטיג־זויערער מינע, און האט מיט פערדרוס א ציה געטהאן מיט דיא אקסלען.

„פערוואונדעט?" האט דער קאפיטאן ארויסגערעדט, און א פאסקודנער ביטערער טעם האט פלוצלונג צוגעקלעפט זיין צונג צום גומען. ער האט בעמערקט דיא פראסטיגע, פערגליווערטע רוהיגקייט אין וועיקסלער'ס געזיכטס־ציגע, דער אונסימפאטישער, גלייכגילטיגער בליק, און זיין האנד האט זיך א הויב געטהאן אין דער הויך: איהם האט זיך געוואלט א פאטש טהאן איהם אין געזיכט אריין — אזוי אונגעלומפערט ווילד און ניעדערטרעכטיג איז געווען זיין הארטהערציגקייט, געפיהללאזיגקייט, און אזוי ווען האט געטהאן פון זיין קאלטבלוטיגען „ער איז פערוואונדעט". אין זיין געדעכטניס האט א ליכט געטהאן דיא געשטאלט פון דער ליעבענקער, קליינינקער מיידעלע מיט דער העלער סטעננע אין דיא רויטע האאר־לאקען און אויך דיא בילד פון א צוקרוטשעטען בר־מינן, וואס האלט א קינד אין די ארמס. ווי דורך א שלייער האט ער געזעהן וועיקסלער'ן האסטיג אוועקגעהענדיג אנצויאגען די קאמפאניע. און ער איז צוגעלאפען צום פלאץ, וואו צוויי טרעגער האבען זיך איבער עפעס אנגעבויגען.

דער פערוואונדעטער איז געלעגען אויפ'ן פלייצע. זיינע פלאם־רויטע האאר האבען ארומגעפאסט א גרינליך־גראהען געזיכט, א הארט־פערגליווערטע מיט'ן אויסזעהן פון א געשפענסט. מיט עטליכע מינוט צוריק האט קאפיטאן מארשנער איהם געזעהן לויפענדיג, דערזעלבער געזיכט נאך פול מיט לעבעדיגקייט פון היץ און אויפרעגונג. דיא פיס האבען

זיך איהם אונטערגעבויגען: דיא בילד פון דער ענדערונג, אזא אונבעגרייפליך־שנעלער ענדערונג, האט איהם ווי מיט אן אייזקאלטער האנד אנגעכאפט ביי'ם סאמע הארצען. איז עס מעגליך? קען די גאנצע לעבענס־בלוט פערגליווערט ווערען אין איין אויגענבליק, און א פריש־געזונטער מענש זאל אין עטליכע רגע'ס צושמעטערט ווערען? וואס פאר א טייוועלשע מאכט ליעגט עס בעהאלטען אין אט די שטיקלעך אייזען. וואס קענען אין איין מאמענט אבטהאן דיא ארבייט, וואס נעהמט א קראנקהייט צו טהאן מאנאטען לאנג?

„שרעק זיך ניט, סיממעל!“ האט דער קאפיטאן ארויסגעשטאמעלט, אנשפארענדיג זיך א טרעגער אויפ'ן אקסעל. „מ'וועט דיר אוועקטראגען צוריק צום באגאזש!“ האט ער קוים מיט מאטערניש ארויסגעזאגט דעם ליגען, און טיעף אבגעאטהעמט. „וועסט איצט דער ערשטער פאהרען צוריק נאך וויען!“ ער האט נאך עפעס געוואלט זאגען, ווע־גען זיין פאמיליע און דיא קליינע מיידעלע מיט דיא רויטע לאקען. אבער ער האט עס ניט געקענט ארויסברענגען אויף זיינע ליפען. ער האט מורא געהאט, אז דער שטערבענדער וועט באלד א געשריי טהאן און וועט דערמאנען זיינע קינ־דערלעך, און ווען דער מויל. צוקרימט פון שמערצען, האט זיך לאנגזאם אויפגעעפענט. איז דורך דעם קאפיטאן א שוידער דורכגעלאפען. ער האט געזעהן אויך וויא די אויגען עפענען זיך, און ער האט א ציטער געטאהן פון זייער פערגלע־זערטען בליק, וועלכער האט זיך ניט אבגעשטעלט אויף קיין זאך, נאר האט אזוי ווי דורכגעקוקט די אלע אנוועזענדע און האט געזוכט עפעס אין דער ווייטענס.

סיממעל'ס קערפער האט זיך געקרוטשעט אונטער דיא הענד פון דעם דאקטאר, וואס האט איהם וויא מיט גוואלד עקזאמינירט. אונפערשטענדליכע גארגלענדע טענער זיינען ארויס פון זיין צוריסענע ברוסט, פון וועלכע ס'האט גערונען בלוט, און זיין אטהעם האט צובלאזען דעם רויטען שוים ביי זיין מויל.

„סיממעל, וואס ווילסטו, סיממעל?“ האט מארשנער

מיט א בעטענדע שטימע גערעדט צום פערוואונדעטען, אנבויגענדיג זיך נידעריג איבער איהם. ער האט זיך גוט צוגעהערט צו די צובראכענע קלאנגען, אום צו כאפען עפעס א ווארט. ער האט לייכט אבגעאטהעמט, ווען דיא אויגען האבען זיך ענדליך א ריהר געטהאן און מיט א פארשענדען אויסדרוק זיך אבגעשטעלט אויפ'ן קאפיטאן'ס געזיכט.

„סיממעל!" האט ער ווידער אויסגעשריען און אנגעכאפט איהם ביי'ם האנד, וועלכע האט געציטערט און קוים קוים זיך געצויגען צום וואנד. „סיממעל, דערקענסטו מיך ניט?"

סיממעל האט שוואך א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ. זיינע אויגען האבען זיך פארנאנדערגעעפענט, דער ווינקעל פון מויל האט זיך ארונטערגעבויגען.

„ס'טהוט וועה, קאפיטאן, ס'טהוט אזוי וועה!" האט ער קוים ארויסגערעדט. דעם קאפיטאן האט עס אויסגעוויזען ווי א פארוואורף. נאך א שמערצליכען קרעכץ האט ער ווידער געגומען אוי'קען מיט שוים אין מויל, און שרייען מיט א שארף שניידענדען ווילדען קול: „ס'טהוט וועה! אוי, וויא ס'טהוט וועה!" און האט גענומען שליידערען מיט די הענד און פיס.

קאפיטאן מארשנער איז אויפגעשפרונגען.

„טראגט איהם אוועק צוריק!" האט ער בעפאהלען, און אליין ניט וויסענדיג וואס ער טהוט, האט ער אריינגעשטעקט דיא פינגער אין די אויערען, און איז אוועקגעלאפען נאך דער קאמפאניע, וועלכע האט שוין איצט דערגרייכט דעם שפיץ בארג. לויפענדיג האט ער מיטביידע הענד וויא מיט קלעשצעס צוזאמענגעדריקט דעם קאפ, סאפענדיג, פערטשעפענדיג זיך, געטריעבען פון א שרעק, אזוי ווי דעם פערוואודענטען'ס יסורים־געשרייען וואלטען זיך נאך איהם וויא מיט אן אויפגעהויבענע האק נאכגעיאגט. ער האט פאר זיינע אויגען געזעהן, ווי דער איינגעשרומפפענער קערפער קאטשעט זיך פון שמערצען; ער האט געזעהן דעם געזיכט וואס איז אזוי פלוצלונג בלייך געווארען, דיא געלבליכע ווייסלען פון דיא

אויגען. און דער געשריי „קאפיטאן, ס'טהוט אזוי וועה!“ האט אבגעקלונגען אין איהם און זיך איינגעקלעמט וויא מיט נעגעל אין זיין ברוסט; ווען ער האט דערגרייכט דעם שפיץ איז ער אנידערגעפאלען. א האלב דערשטיקטער. ווי די ערד וואלט זיך אוועקגערוקט פון אונטער זיינע פיס.

ניין, ער קען מעהר אזא זאך ניט טהאן! ער קען ווייטער ניט אנהאלטען אזוי. ער איז ניט קיין תליון, ער האט ניט קיין כוח צו פערשמייסען מענשען צום טוידט. ער קען ניט זיין טויב צו זייערע שמערצען, צו דעם קינדערשען וויינען. וואס האט איהם געשטאכען אין געוויסען וויא א ברענענדער פארוואורף. ער האט א טופע געטהאן מיט'ן פוס אן דר'ערד, ווי זיך שטעלענדיג אימיצען אנטקעגען. אלע זיינע געפיהלען, אלס האט אין איהם רעוואלטירט געגען דער אויפגאבע, וואס ער האט איצט געהאט צו ערפיללען.

אונטען האט זיך דיא שלאכטפעלד וויים אויסגעשפרייט. אן אומעטיג גרויע. קיין בוים, קיין גרינער פלעק. א שטיינערנער מדבר — אלץ אויסגעהאקט, צומורשט, אונטערגעגראבען, קיין סימן פון לעבען. די פערבינדונגס-טראנשעען, וועלכע פאנגען זיך אן פון גרונט פון טהאל און ציהען זיך צום שפיץ בארג, וואו עס סטארטשען ארויס די געפלאכטענע דראטען־צאמען, האבען אויסגעזעהען ווי פינגער, אויסגעשטרעקטע אנצוכאפען עפעס, און מיט די נעגעל טיעף אריינגעלאזען אין דער ערד צו ווערגען זיא. מארשנער האט זיך ווידער ניט ווילענדיג ארומגעקוקט. אהינטער איהם האט זיך דער גרינער זיים בארג ארונטערגעלאזען משופע'דיג צו דיא וועלדלעך, וואו דער באגאזש איז פערבליעבען. נאך ווייטער אהינטער האט דער ווייסער גאשצינעץ געלויכטען וויא א טייך, איינגעפאסט אין געפארבטע לאנקעס. אבער א קעהר אביסעל אן א זייט — און דיא גרינקייט איז פערשוואונדען! דער גאנצער לעבען איז אויסגעשטארבען, ווי פערשריען פון די קאנאנען, פון דעם ברומען און קראכען, וואס האט אין טהאל געהאלטען אין קלאפען און האמערען, וויא דער פולס־שלאגען פון אן אונגעהויערען גידול אין א היץ־קרענק. איין

גרוב נאך דער צווייטער, אויסגעריסענע פון פלאצענדע האר־מאטען־באמבעס, האבען פון דארט וויא ריעזיגע אפענע מיי־לער ארויסגעגענעצט. פון צייט צו צייט האט א געדיכטער שווארצער זייל ערד א שפרונג געטהאן אין דער הויך און האט אויף א ווײלע פערבעהאלטען קליינע טהיילען פון דעם מדבר, וואס איז אויף אש פערברענט געווארען; און דער פיען פון אן אבגעהאקטען בוים, אן ארומגעשיילטער ווי פון א מעסערעל, האט דא און דארט ארויסגעסטארטשעט ווי א שפאטיש־חוצפה'דיגע אויפפאדערונג צו אנערקענען אין דיעזער פעלד פון טוידט און צושטערונג די אמאליגע לאנדשאפט וואס איז דא געווען. איידער די ריעזיגע ווילדע משוגעת האט זיך וויא א שטורם דורכגעטראגען און פער־זעעט עס מיט חורבנות, איבערגעלאזען עס וויא א גלאטער טאנץ־פלאץ, וואו צוויי וועלטען האבען געקעמפפט איבער אן אויסגעלאסענער פרוי.

און אט אין דיעזען גיהנום־טהאל האט ער עס זיך איצט געמוזט ארונטערלאזען און אפלעבען דארט פינף מעת־לעת נאכאנאנד, ער און זיין קליינע מחנה מענשען. — פעראור־טיילטע אויף טויט־יסורים, אויסגעשפיגענע אהין, און זייערע לעבעדיגע קערפערס, וויא ארויפגעניזשעוועטע ווערימלאך אויף'ן קרומשיק פון א ווענטקע, דיענען נאר אלס א נאש צו־צוציהען דעם שונא!

איינער אליין, קיינער לעבען איהם, אין מיטען דעם שטורם פון שראפנעל, וואס האט געהאגעלט געדיכט ווי א גוס־רעגען, האט קאפיטאן מארשנער זיך איבערגעגעבען צו זיין צארן, צו זיין מאכטלאזען צארן אויף דער גאנצער וועלט, וואס האט אויף איהם אזא זאך ארויפגעצוואונגען. ער האט גע־שימפפט, געשאלטען און ארויסגעשריען זיין האס אין דעם פערטויבענדען רעש אריין; און אויפגעשפרונגען איז ער ערשט דאן, ווען ווייט אונטען, שוין כמעט אין טהאל, האבען זיך בעוויעזען זיינע סאלדאטען און אהינטער זיי איז געלאפען ליוטענאנט וועיקסלער און געטריבען זיי, ווי א קצב די אקסען, צו דער שחיטה. דער קאפיטאן האט געזעהן ווי זיי געהען

איילענדיג; ער האט געזעהן די וואלקענס פון די עקספּלאָזיאָנען ווערען אַלץ גרעסער און געדיכטער איבער זייערע קעפּ; און אויפ'ן זייט בארג פון פאַרענט פאר זיינע אויגען האט ער געזעהן דאָ און דאָרטען ליגען צעוואָרפען בלוילינד־גרינע פּעקלעך, ווי סאָלדאטסקע ראַנצעס איבערגעלאָזען אויפ'ן מיטען וועג; אייניגע פון זיי זיינען געלעגען בעוועגלאָז, אייניגע האבען זיך געדרעהט, געקרוטשעט ווי גרויסע שפּינען.

איז ער ווייטער געלאָפען.

ווי א ווילדער איז ער געלאָפען אראָפּ דעם משופּע'דיגען בארג, קוים פּיהלענדיג די ערד אונטער די פיס, קוים הערענדיג דעם קראַך פון די פּלאַצענדע באָמבעס. ער איז געלאָפען, ניט געגאַנגען, זיך פערמשעפּעט אַן די צובראָכענע ווארצלען פון בוימער. געפאַלען, זיך ווידער אויפגעהויבען און גענומען ווייטער לויפען, ניט קוקענדיג ניט רעכטס און ניט לינקס, כמעט מיט פערמאַכטע אויגען. ווען־ניט־ווען האט ער, ווי דורכ'ן פענסטער פון א צוג, געזעהען פארביילויפענדיג א בלאַסען פערזאָרגטען געזיכט. איינמאָל האט זיך איהם אויסגעדוכט, אז ער הערט ווי א מאַן כרעכצט און בעט א טרונק וואסער. ער האט אבער גאר ניט געוואָלט הערען, גאר ניט זעהען. ער איז ווייטער געלאָפען, ניט אָבשטעלענדיג זיך, געיאָגט פון דעם שרעקליכען „ס'טהוט וועה".

איינמאָל נאר האט ער זיך אָבגעשטעלט, אזוי וויא ער וואלט אריינגעטראָטען אין א פּאַסטקע, און אַן אייזערנע קלעשצע וואלט איהם אריינגעכאַפּט און געהאַלטען פעסט. א האַנד האט איהם אָפּגעהאַלטען, — א גרויסע, ציטערענדע האַנד מיט צוקרימטע פינגער. זיא איז געבליבען שטעקען פאר זיינע אויגען, דיא האַנד, וויא אַן אויסגעהאַקטע פון שטיין. קיין געזיכט האט ער ניט געזעהען. און האט ניט געוואוסט, וועמ'ס האט עס אויסגעשטרעקט דעם פירכטערליכען דראָהענדען קולאַק. געוואוסט האט ער נאר, אז מיט צוויי שטונדען צוריק, האט אַט די האַנד, אין דעם וועלדעל אַהינטער, נאר גאַנץ רוהיג געהאַלטען אין שניידען פּענעצעס ברויט, אָדער געשריעבען א לעצטען בריעף אַהיים. און

פון דיא פינגער האט געוועהט א שרעק. וועלכע האט אנגע־כאפט דעם קאפיטאן און צוגעגעבן זיינע גליעדער גייע קרעפטען. אז ער האט זיך אוועקגעלאזען ווייטער לויפען מיט גרויסע שפרייזען, כמעט שפרינגענדיג וויא א יונגער איינגעל. א שטארק פערסאפעטער און מיט א רויטען וואלקען פאר דיא אויגען. האט ער ענדליך אנגעיאגט דיא קאמפאניע, ווען זיא איז שוין געווען אונטען אין טהאל. ביים ארייננאנג צו די פערבינדונגס טראנזשען.

ליטענאנט וועיקסלער איז צו איהם צוגעקומען מיט א שטרענג־מיליטערישער מינע און האט ערקלעהרט, אז פער־צעהן מאן זיינען פערלארען געגאנגען. מארשנער האט גע־הערט א טאן פון שטאלץ אין זיין שטימע. וויא דער העלדי־שער טריאומף פון דעם, וואס ער האט דא דערגרייכט; עס האט געקלונגען וויא דיא פרייד פון א יונגענמאנטשיק, וואס גאוה'ט זיך מיט דיא וואנצעלאך. וואס הויבען אן צו שפרא־צען אויף זיינע ליפען. וואס פאר א בעדייטונג האבען פאר דיעזען רויהען יונג אט דיא מענשען, וואס וואלגערען זיך דא אין יסורים אויפ'ן זייט בארג; צי דער רויט-קעפיגער פייגלינג, וואס וויינט דארט איצט; אדער די קינדער, וואס ווערען געטריבט פון זייערע שפייזער און וועלען אויס־וואקסען בעטלער, שנארער, פערדארבענע מענשען, פיעלייכט גנבים און רויבער? זיי זיינען אלע פאר ליוטענאנט וועיקס־לער ניט מעהר וויא פיעשקעס, א הינטער־גרונד צום ארויס־ווייזען בולט זיין העלדישקייט.

פערצעהן בלוטיגע קערפערס זיינען אויסגעלייגט אויפ'ן וועג, אויף וועלכען ער איז געגאנגען אהן שום פורכט. ווארום זאלען זיינע אויגען ניט שטראהלען מיט חוצפה?

דער קאפיטאן האט זיך אוועקגעאיילט ווייטער, פערביי וועיקסלער'ן. ווען ער וואלט איהם נאר ניט דארפען זעהן. האט ער ביי זיך געטראכט, ניט דארפען אנקוקען דעם צו־פריעדענעם גלאנץ פון זיינע אויגען. ער האט מורא געהאט. טאמער ווערט זיין פערשטאנד געריהרט פון צארן, און ער געהט ארויס פון דיא כלים און פערליערט דיא קאנטראל

איבער זיין צונג און איבער זיינע פערשטשעמעטע קולאקעס. ער טאר איהם אבער דא ניט טשעפען: וועיקסלער האנדעלט דא לויט זיין רעכט. ער וואקסט פון מינוט צו מינוט. ער האט איבערגעשטייגט אלעמען. ער שווימט מיט'ן שטראם, וועהרענד דיא איבעריגע זינקען וויא שווערע קלעצער, ווייל זיי האבען אויף זיך דעם געוויכט פון מעהר מענשליכקייט, מעהר יושר און רחמים. דיא פינסטערע שאכטע, וואוהין זיי האבען זיך איצט אזוי וויא אריינגעקוליעט מיט אונטערגעבראכענע פיס, פיהרט צו אן אינזעל ארומגערינגעלט פון א ים פון טויט. זוער ס'האט זיך דא נאר דערקליבען צו א ברעג, האט ניט געוואגט צו האלטען ביי זיך קיין זאך, וואס ער האט גע־האלטען אין אן אנדער ארט; און זיענען זיעגט דא דער, וועלכער האלט ניט ביי זיך קיין זאך אויסער זיין האק און זיין קולאק. און אט דער איז דער גבור, אויף וועמען דיא איבעריגע פארלאזען זיך.

ווי קאפיטאן מארשנער איז אזוי געגאנגען א צוטומעל־טער און האט געטאפט דעם וועג אין דער פינסטערער טראנשעע, איז פאר איהם געווארען אלץ קלאהרער און קלאה־רער, אז ער מוז יעצט האלטען דעם פערהאסטען לייטענאנט וויא אן אבו־טוב. אהן איהם וואלט ער איצט פערלארען גע־גאנגען.

ער האט געזעהען דיא שפורען פון דיא לוזשעס בלוט אונטער דיא פיס, און ער האט געטראמטען אויף דיא צופי־צעלטע, אין בלוט־אויסגעווייקטע שטיקער סאלדאטסקע שינע־לען, לעערע קוילען, בריאזגענדע איינגעמאכטס־בלעכען, שטיקלאך הארמאטען־באמבעס, פלוצלינג פלעגען זיך, וויא מיט א גענעץ, בעוויזען גריבער אויפגעריסענע פון באמבעס, פארלעגטע מיט ריזיקאלע בריקעלאך פון האלב - פערסמא־ליעטע ברעטער. דיא שפורען פון וואהנזיניגער פערוויסטונג איבעראל האבען ווי פערקרימטע העיות אויסגעזעהען; דער שווארץ - פערוויכערטער פערבליבענער כלאם פון דראטען, שטאנגען, באלקענס, זעק, צובראכענע האמער־געצייג. — א

מיש־מאש. פון וואס ס'האט פערכאפט דער אטהעם און גע־נומען שווינדלען אין קאפ. — דאס אלעס איז געווען אנגעזאפט מיט דעם שטיקענדען גערוך פון סמאליעניש, רויך פון פול־ווער און דעם בייסענד־ב.־ענענדען אטהעם פון די גאז־קוילען. וואו מ'האט נאר א טראט געטאהן, איז דיא ערד געווען צו־ריהעט, צוריסען פון ריעזיגע עקספלאזיאנען, קוים מיט צרות פערלאטעטע און וויעדער אמאל אויפגעטרענטע ביז אין דיא „געדערים" אריין; און א צווייטען מאל פערנייהט. אויסגעגלייכט, אז מ'איז געגאנגען און געפאלען, זיך איבער־געקוליעט, וויא אין א שטורם־ווינד.

א דערשלאגענער אונטער דער משא פון זיינע איינדריקע איז קאפיטאן מארשנער וויא א וואורים געקראכען דורך דער טראנשעע. און האט אללע ווייל מיט נאך מעהר כעס און אויפרעגונג זיך דערמאנט אן לייטענאנט וועיקסלער. בלויז וועיקסלער קען איהם איצט העלפען, אדער איבער־געהמען זיין פלאץ — וועיקסלער מיט זיין קאלטער מורא'־דיגער ענערגיע, וועלכער וויל ניט א קוק טהאן אויף קיין זאך, וואס ריהרט ניט אן זיין אייגענעם לעבען, אדער וואס ס'האט ניט קיין שייכות מיט דער שיי־נענדער בילד פון עריק וועיקסלער בעפוצט מיט מעדאלען און נאגראדעס. דער קאפיטאן האט זיך נייגעריג ארומגע־קוקט אין אללע זייטען, געזוכט איהם. און האט יעדען מאל לייכט אבגעאטהעמט ווען ער האט נאר דערהערט פון וויטען זיין טרוקען קראצענדע שטימע, וואס שרייט אויף דיא סאלדאטען.

ס'האט אויסגעדוכט, אז דיא טראנשעע האט גאר קיין עק ניט. מארשנער האט געפיהלט, אז ער פארליערט דיא כחות. ער איז אלץ אפטער אומגעפאלען. און האט מיט א שוידער איבער'ן לייב צוגעמאכט דיא אויגען, ווען ער פלעגט דערזעהען דיא לאנגע סליאדען פון בלוט, וואס האבען פינקט־ליך אנגעוויזען דעם וועג פון דיא פערוואונדעטע.

פלוצלונג האט ער א ריס געטאהן דעם קאפ אין דער הויך. א נייעם גערוך האט ער דערשפירט. א זיסליכען גע־

שטאנק. וואס איז געווארען אלץ שטארקער און שטארקער. ביז ער איז געקומען וואו דיא טראנשעע פערקירעוועט זיך פלוצלונג לינקס. דארט איז עס איהם בעפאלען וויא א וואלקען. ער האט זיך ארומגעקוקט, אן אויפגעטרייסעלטער פון נודאכ נ. און ס'האט איהם גענומען קעהרען צום ברעכען. אין א גרוב אין דער טראנשעע האט ער דערזעהען א הורבע שמוציגע צור סענע שינעלען אנגעווארפען איינע אויף דיא אנדערע, און פון צווישען זיי האבען זיך געזעהען געשטאלטען מיט מאדנע פערגליווערטע געזיכטסציגע. ס'האט איהם גענומען אבימעל צייט צו בעגרייפען דעם גאנצען שרעק, וואס האט זיך דא בעוויזען פאר איהם. דאס זיי.ען געלעגען געפאלענע סאלדאטען, וויא צוזאמענגעשלעפטע קלעצער, צודרעהטע, צולאהמטע פון דיא לעצטע טויט־יסורים. זיי זיינען געווען איבערגעדעקט מיט שטיקער לייווענט, וועלכע האבען זיך ארופגערוקט, און ס'האבען זיך ארויסגעזעהען במורנע, גראה ־ פערשטיינערטע פערזעהענישען, איינגעפאלענע זייטען באקען, אויסגעסטארטשעטע אויגען. דיא ארמס פון דיא מתים אין דער אויבערשטער רייהע זיינען אראפגעהאנגען צו דר'ערד און וויא אנגעהאלטען זיך אן דיא פנים'ער פון דיא אונטערשטע. זיי זיינען שוין געווען בעדעקט מיט שמוציגע שווארץ־בלויע פלעקען: זיי האבען שוין אנגעהויבען צו פוילען.

דער קאפיטאן האט א געשריי געטאהן און גענומען אומפאלען. זיין קאפ האט זיך געטרייסעלט, אזוי וויא מען וואלט איהר אבגעשרויפט פון האלז, און זיינע קניע האבען זיך איהם אונטערגעבראכען. ער האט שוין געזעהען וויא דיא ערד נעהמט זיך הויבען צו איהם, וויא פלוצלונג איז אן אונבעקענטע געזיכט ארויסגעשוואומען פאר זיינע אויגען און צוגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט, און אויך צוריקגעקעהרט איהם זיין זעלבסט־קאנטראל. דאס איז געווען א סערזשאנט: פון זיין טויט־בלאסען געזיכט האבען ארויסגעקוקט א פאאר גרויסע ברענענדע, שטראהלענדע אויגען. ער איז א ווייל[ע] געשטאנען וויא א פאראליזירטער. אבער באלד האט ער

בריים געעפענט דעם מויל, א פאטש געטאהן מיט דיא הענד. א טאנץ געטאהן אין דער הויך און אוועקגעלאפען. גיט אב־געבענדיג זאגאר קיין „טשעסט".

„הילף איז געקומען!" האט ער לויפענדיג געשריען.

אבגעשטעלט האט ער זיך לעבען א שווארצער לאד אין וואנט פון דער טראנשעע. וועלכע האט אויסגעזעהען וויא דער ארייננאנג צו א העיל, און האט זיך דא איינגעבויגען און אריינגעשריען מיט אן אונבעשרייבליכען פרייד אין זיין שטימע, מיט א שמחה. וואס האט זיך ארויסגעריסען דורך פערשטיקטע טרעהרען:

„הילף! לייטענאנט! די הילפס־קאמפאניע איז דא!"

קאפיטאן מארשנער האט איהם נאכגעקוקט און געהערט זיין געשריי. דיא אויגען זיינען ביי איהם פייכט געווארען. אזוי ריהרענד איז געווען דעם סערזשאנט'ס קינדערש־גליק־ליכער פריידענס־געשריי. וואס האט זיך ארויסגעריסען פון א בעפרייטע הארץ. ער איז לאנגזאם נאכגעגאנגען דעם סער־זשאנט און האט געזעהען — אקוראט וויא זיין געשריי וואלט מתים אויפגעוועקט — ווי פון אלע ווינקלער בעווייזען זיך בלייכע געזיכטער, פערוואונדעטע, מיט באנדאזשען איינגע־וויקעלטע אין בלוט, וואקלענדע געשטאלטען. וואס האבען זיך אנגעהאלטען אן ביקסען. פון אללע זייטען האבען זיך צו איהם געצויגען מענשען. אנגעקוקט איהם, מיט'ן ווארט „הילף" אויף זייערע שטומע ליפען, ביז ענדליך האט איינער פון זיי מיט א שניידענדען קול אויסגעשריען: „הורראה". און דאס האט זיך וויא א פלאקער פערשפרייט און בעגיי־סטערט אבגעקלונגען פון אלעמענס העלזער. א טיעף־געריהר־טער, האט מארשנער איינגעבויגען דעם קאפ און א פיהר גע־טאהן מיט'ן האנד איבער דיא אויגען, און דער קאמאנדאנט פון דער טראנשעע איז צו איהם צוגעלאפען.

קיין סימן פון לעבען האט זיך אויפ'ן קאמאנדאנט ניט אנגעזעהען. זיין געזיכט האט געהאט דעם קאליער פון אש; זיינע אויגען האבען אויסגעזעהען וויא אויסגעלאשענע לאמ־פען, פערגלעזערטע און ארומגערינגעלטע מיט ברייטע בלאהע

רייפען. דיא ברעמען זיינען ביי איהם געווען רויט פון א צייט ניט שלאפען. דיא האאר, דיא בארד, דיא קליידער, זיינען געווען דיק פערפאטשקעט מיט שמוץ. האט ער אויסגעזעהען אזוי וויא ער וואלט נאר וואס אויפגעשטאנען פון קבר. ער האט מארשנער'ן שנעל בעגריסט און אנגעכאפט איהם פאר'ן האנד מיט א היסטערישע פרייד. זיין האנד איז געווען קאלט, וויא ביי א בר־מינן און קלעפעדיג פון שוויים און שמוץ. דאס זאנדערבארסטע, דאס שרעקליכסטע אבער איז געווען דער קאנטראסט צווישען דיעזען ביינערדיגען סקעלעט, וואס איז בעהאנגען מיט קליידער, דיעזען פערגליווערטען פנים, וואס זעהט אויס וויא א טויטען־מאסקע, און דיא צוקענדע, צופיעל־אויפגערעגטע נערוועזיטעט, מיט וועלכער ער האט בעגריסט זייער בעפרייער.

דיא ווערטער האבען שנעל, וויא א וואסערפאלל, זיך געשפארט, געשפרונגען פון זיינע צוטריקענטע צושפאלטענע ליפען. ער האט מארשנער'ן אוועקגעשלעפט אין דער גרוב, אומפאלענדיג און טאפענדיג אין דער פינסטער וויא א צוטורמעלטער, און האט איהם אוועקגעזעצט אויף עפעס, וואס מען האט ניט געקענט זעהן, און גענומען איהם דערצעהלען א געשיכטע. אפילו א רגע האט ער ניט געקענט איינשטעהן רוהיג. ער איז אומגעשפרונגען, געפאטשט זיך אין דיא זייטען, געלאכט אונגאטירליך הויך, פלינק געלאפען ארויף און אראפ, זיך אווארף געטאהן אויף דער קאנאפע אין ווינקעל און אלע ווייל, געבעטען א פאפיראס, פערדרויכערט, א פאאר מאל א ציה געטאהן, אוועקגעווארפען עס, ניט וויסענדיג וואס ער טהוט, און גלייך געבעטען נאך איינעם.

„איך זאג אייך, נאך דריי שטונדען". האט ער וויא ארויסגעקרעהט מיט א גליקליכע שטימע און א געמאכטע פרעהליכקייט. „דריי ? וואס רייד איך ? א י י ן שטונדע נאר, וואלט שוין געווען צו־שפעט. ווייסט איהר וויפיעל אמוניציע איך האב נאך ? אין גאנצען עלף הונדערט קוילען. מאשין־הארמאטען ? שוין באלד ניטא מעהר. דער טעלעפאן ? געכטען ביינאכט צושמעטערט געווארען. ארויסשיקען

סאלדאטען פעררינכטען עס? אונמעגליך. מען מוז יעדען איינעם האבען אין דער טראנשעע. הונדערט און פיער און זעכציג זיינען מיר פון אנפאנג געווען. איצט האב איך ניט מעהר ווי איין און דרייסיג, עלף פון זיי זיינען פערוואונדעט, אז זיי קענען אפילו קיין ביקס ניט האלטען. מיט איין און דרייסיג מאן צו בעשיצען א טראנשעע! נעכטען אבענד זיינען מיר נאך געווען פינף און פערציג, ווען מען האט אונז אטאקירט. מיר האבען זיי, פערשטעהט זיך, פערטריבען צום טייוועל. אבער פערצעהן מאן האבען מיר ווידער פארלארען. מיר האבען נאך קיין געלעגענהייט ניט געהאט צו בעערדיגען זיי. האט איהר זיי ניט געזעהען דארט ליעגענדיג?

דער קאפיטאן האט איהם געלאזען ריידען. ער האט זיך אנגעשפארט מיט דיא עלענבויגענס אן דעם נאטור־טיש, האט זיך אנגענומען מיט די הענד פאר'ן קאפ און געשוויגען. זיינע אויגען האבען אומגעבלאנדזשעט אין דער פינסטערער פערשימעלטער העיל. וועלכע איז געווען אנגעפילט מיט'ן גערוך פון קליינע קעראסין־לעמפלעך. וואס האבען זיך גע־האלטען אין רויכערען. ער האט געזעהן די פייכטע פער־פוילטע שטרעי אין ווינקעל. דעם איבערגעריסענעם טעלעפאן ביים ארייננאנג, א פוסטע בלעך פון שפייז. אויף וועלכער עס איז געלעגען אויסגעשפרייט א לאנד־קארטע. ער האט געזעהען א בארג ביקסען, פעקלעך שינעלען. צו יעדען איינעם צוגעשפיליעט א קארטעל. און ער האט געפיהלט. וויא א שטומער, קאלטער פחד הויבט זיך אין איהם ביסלעכווייז אויף און פאראליזירט זיין אטהעם, פונקט וויא דיא ערד אין דער הויך איבער זיין קאפ. וואס האלט זיך בלויז אויף א דינע סטעליע פון צושפאלטענע ברעטער און האלט אט־אט אין איינפאלען, וואלט שוין גענומען ארונטערדריקען איהר אונערטרעגליכע משא אויף זיין ברוסט. און אט דער סער־דזשאנט, וועלכער איז מיט איין וואך צוריק מסתמא געווען נאך יונג, און איצט טאנצט ער דא אום אזוי וויא א רוח און קוקט אויס ווי א קאפ פון א טויטען, וואס לאכט און כא־כאטשעט, האט אויף איהם געווירקט ווי א בייזער ווילדער

חלום. און דער געדאנק, אז איצט וועט איהם אויסקומען צו היניען דא, אין דיעזער גרוב, פינף־זעקס טעג אדער א וואך און דורכמאכען דיעזעלבע שוידערליכקייטען, וועגען וועלכע אט דיעזער מאן דערצעהלט איצט מיט א געלעכטער, האט איהם אויפגעטשוכעט פון זיין אבהענטיגקייט. שרעקליך אויפגעבראכט איהם און אויפגעהויבען אין איהם א היציגען הארצקלאפענדען צארן, וועלכען ער האט שוין קוים געקענט איינהאלטען אין זיך. ער וואלט איצט, דוכט זיך, א געשריי געטאהן ווי א ווילדער, א שפרונג געטאהן, ארויסגעלאפען, און פון דיא טיעפעניש פון הארצען אויסגעשריען צו דער גאנצער מענשהייט, ווארום האט מען איהם פערווארפען אהער, ווארום דארף ער דא אבוואלגערען זיך ביז ער וועט פערוואנדעלט ווערען אין א פגר אדער א משוגענעם?

וויא אזוי האט ער עס זיך געלאזען שלעפען אהער? ער האט עס נימ געקענט פערשטעהן. ער האט אין דעם קיין זינן נימ געזעהען, קיין ציעל. בלויז דיא לאך אין דער ערד האט ער געזעהען, דיא צופוילטע קערפערס אין דרויסען, און דערביי, נימ מעהר וויא איין טראט פון אט דעם גאנצען וואהנזינן, איז געווען זיין שטאדט וויען, וויא ער האט זיא איבערגעלאזען בלויז מיט צוויי טעג צוריק, מיט איהרע טראמוואיען, שויפענסטער אין דיא מאגאזינען, פרעהליכע שמייכלענדע מענשען און שיינענדע טהעאטערע. וואס פאר א משוגעת דאס איז צו וואלגערען זיך דא און מיט אזא אידיאטסקער געדולד צו ווארטען אויפ׳ן טויט, אויסצוגעהן דא אויף דער הוילער ערד אין בלוט און פערפוילטען שמוץ, וויא א חיה, אין דער צייט ווען אנדערע מענשען, גליקליכע, ריינע, אויסגעפוצטע, זיצען אין ליכטיגע זאלען און הערען זיך צו צו מוזיק, און נאכדעם לעגען זיי זיך אריין אין ווייכע בעטען, אהן שום מורא, אהן געפאהר, בעוואכט פון דער גאנצער וועלט. וואס וואלט שרעקליך אויפגעבראכט געווארען ווען אימיצער זאל וואגען אנצוריהרען א האאר אויף זייער קאפ!

הויבט ער אפשר שוין אויך אן צו ווערען משוגע, אדער זיינען דיא איבעריגע משוגע?

זיין פולס האט שטארק געקלאפט, אזוי וויא דאס הארץ וואלט וועלען פלאצען. אויב ער וועט זיך ניט לייכטער מאכען דורך א געשריי טאהן.

פונקט אין דער מינוט איז לייטענאנט וועיקסלער איי־לענדיג צוגעקומען, אזוי וויא א צערעמאניען־מייסטער אויף א באלל. ער האט זיך אוועקגעשטעלט גלייך, שטייף זיך אויסגעשטרעקט אנטקעגען דעם קאפיטאן, און האט ער־קלעהרט, אז אין דער הויך איז שוין אלעס פערטיג; ער האט אללעס איינגעארדענט, אנגעשטעלט דיא וועכטער און אויס־געשטעלט דיא מאשין־הארמאטען. דער קאפיטאן האט אויף איהם א קוק געטאהן און האט געמוזט אראפלאזען די אויגען: דעם לייטענאנט'ס רוהיגקייט האט איהם וויא א פראסק גע־טאהן אין געזיכט אריין, און זיין צארן איז פלוצלונג אריבער אין א פייערדיגע שאנדע, א שאנדע פאר זיך אליין.

ווארום איז וועיקסלער פערבליבען גלייכגילטיג, און עס האט איהם גאר ניט געאארט דיעזער אונגעהויערער שרעק פאר'ן טויט. וואס האט דא דורכגעדרונגען אפילו די לופט? וויא אזוי האט ער עס געקענט געבען בעפעהלע און קאמאנ־דעווען מיט דעם פארזיכט פון א בעיאהרענטען מענשען, אין דער צייט ווען ער, מארשנער אליין, האט געציטערט וויא א דערשראקענע קינד און האט רעבעלירט געגען זיין שיקזאל מיט'ן זינלאזען צארן פון א געפאנגענער חיה, אנשטאט צו בעגעגענען זיין שיקזאל מוטהיג. וויא עס פאסט פאר זיין עלטער? איז ער א פייגלינג? קען ער זיך טאקע ניט ארויס־דרעהען פון אזא געמיינעם, קליינליכען שרעק? איז זיין נשמה אזוי בלינד געווארען, אז זיא קען זיך ניט אויפהויבען און א קוק טאהן ווייטער אביסעל פון דעם אייגענעם „איך"? פעהלט איהם טאקע אין גאנצען דער חוש צו וועלען עפעס טאהן פאר'ן טובת הכלל. און ער איז בעהערשט בלויז פון דער קורצזיכטיגער אייגענליעבע, וואס אינטערעסירט זיך מיט קיין זאך אויסער דעם הוילען מאטעריעלען עקזיסטענץ?

ניין, ער איז ניט אזוי! ער קימערט זיך פאר'ן אייגענעם לעבען ניט מעהר וויא אז אנדערער. ער וואלט זיך

נעקענט מקריב זיין מיט פרייד און אהן שום בעריהמעריי. מיט התלהבות. אהן אפלאדיסמענטען. ווען דעם שונא'ס טראנשעען וואלטען נאר געווען אנגעפיללט מיט אזוינע ברואים וויא וועיקסלער. ווען דיא מלחמה וואלט נאר געווען געגען אט דיא ווילדע הארטהערציגקייט. געגען דיא אלטע שעהנע ווערטלער. וואס ברענגען אום אזוי פיעל מענשליכע לעבענס. געגען דער גאנצער קונציג - אויפגעבויטער מאשין פון מאכט און גוואלדטהאטען. וואס האט צונויפגעטריבען אט דיא אללע מענשען, און אנשטאט צו בעשיצען זיי, וויא זיא איז מחויב. האט זיא גאר פון זיי געמאכט א וואנט צו בעשיצען זיך אליין. ער וואלט. דאכט זיך. אריינגעווארפען זיך אין קאמפף מיט הוילע קולאקעס. און גאר ניט אומגעקוקט זיך אויף דיא פלאצענדע באמבעס. אויף דיא קרעכצען פון דיא פערוואונדעטע.

ניין, ניין, ער איז ניט קיין פייגלינג! ניט וויא אט דיא צוויי מענשען דארט דענקען. ער האט געזעהען וויא זיי האבען זיך פערעכטליך דורכגעוואונקען און געמאכט חוזק פון דעם אונגליקליכען אלטען אנקעל, דעם רעזערוו־אפיצער. וועלכער זיצט אין א ווינקעל א צרה'דיגער, א דערשלאגענער. האבען זיי דען אן אהנונג מיט וואס פאר א ביטערניש זיין נשמה איז אנגעזאפט? זיי שטעהען זיך וויא העלדען און פיהלען אויף זיך פון אלע זייטען דיא ענטציקענדע בליקען; זיי ריידען ווערטער, וואס ווערען געלויבט און געאכטעט פון דער גאנצער וועלט. זייער אומעט ווערט פערטריעבען פון דער סימפאטיע וואס זיי קריעגען פון אלעמען. פון אלע מענשען, וואס זיינען עהנליך צו זיי. גייסטיג פערוואנדעט צו זיי; און זייערע נשמות ווערען אנגעפיללט מיט'ן כח פון דיא מילליאנען. מאכען זיי, אלזא, שפאס פון א מאן. וועלכער געהט טוידטען מענשען אהן שום שנאה צו זיי; וועלכער האט קיין שום בעגייסטערונג ניט צו שטארבען פאר א זיעג. אויף וועלכער ער קוקט ניט מעהר וויא אויף א גרויסע מאכט. וואס דערגרייכט איהר ציעל. בלויז ווייל זיא קען זיך שטארקער שלאגען. און ניט ווייל די גערעכטיגקייט איז אויף

איהר זיט, ידער איהר אבזיכט איז א שעהנערע, אז ערהאבענערע. ער האט זיך, אלזא, גאר ניט וואס צו שעהמען, כאטש ער פיהלט זיך זעהר ערנידריגט פון זייער חוצפה'דיגען מוטה.

א קאלטער, שטאלצער, אויפפאדערענדער ווידערשטאנד האט איהם אויפגעמונטערט, און ער האט זיך אויפגעהויבען. פלוצלונג דערשפירענדיג אין זיך א כח, אזוי וויא ער וואלט זיך דערפיהלט דערהויבען פון דער איבערנאטירליכער משא, וואס ער האט איינער אליין געטראגען אויף זיינע פלייצעס. ער האט געזעהען וויא דער לייטענאנט טאנצט נאך ארום, שנעל צונויפקלייבענדיג זיינע זאכען און שפארענדיג זיי אין זיין ראנעץ. ער האט געהערט וויא ער שימפפט זיין דיענשציק און שרייט אויף איהם אונטערצואיילען זיך, און דערוויל כאפט ער אריין און דערצעהלט אין מיטען נאך עפעס א נייעם פאלל, א שוידערליכע פאסירונג פון דיא שלאכטען פון דיא לעצטע פאאר טעג, צו וועלכע וועיקסלער האט זיך צוגעהערט מיט אן אטהעם־פערכאפענדע תשוקה, ממש געשלונגען עס.

„וואס פאר א פראגע !“ האט דער קאמאנדאנט פון דער טראנשעע אויסגעשריען און געלאכט. „צי דיא פערלוסטען פון דיא איטאליענער זיינען אויך גרויסע? וואס דענקט איהר, מיר'ן זיי לאזען האגלען אויף אונז גלאט אזוי? איהר קענט זיך לייכט פארשטעלען, וואס זיי האבען פארלארען אין דיא לעצטע עלף אטאקעס, אז אונזער קאמפאניע איז ארונטער ביז דרייסיג מאן, און מיר זיינען קיינמאל ניט ארויסגעקראכען פון אונזערע טראנשעען. זאלען זיי נאר אזוי ווייטער קעמפפען נאך עטליכע וואכען. וועט ביי זיי אין גאנצען אויסגעהן דער מענשען־מאטעריאל“.

קאפיטאן מארשנער האט ניט געוואלט הערען ; ער איז געשטאנען איינגעבויגען איבער א לאנד־קארטע. אבער ביים אויסדרוק „מענשען־מאטעריאל“, האט ער זיך שטארק א צאפעל געטאהן. עס האט געקלונגען וויא חוזק געמאכט פון זיינע געדאנקען. אזוי וויא אט דיא צוויי מענשען האבען

אריינגעקוקט אין איהם און האבען צווישען זיך אבגעמאכט אנצולעהרנען איהם, ווייזען איהם וויא איינזאם ער איז.

„מענשען־מאטעריאל!"

אין א טראנשעע אנגעפיללט מיט דעם געשטאנק פון טויטע קערפערס, אויפגעטרייסעלט פון די טרעסק פון באמ־בעס, שטעהען צוויי מענשען, יעדען איינעמס לעבען פון זיי שטעהט נאר אין קאן, און אין דער צייט ווען עס ווערט נאה געווארפען גורל איבער זייערע קערפערס, ריידען זיי זיך פון— מענשען־מאטעריאל! און דיעזע גרויזאמע שענדליכע ווער־טער ריידען זיי אהן א טראפען כעס. אזוי וויא עס איז נא־טירליך, דאס זייערע קערפערס זיינען ניט מעהר וויא פיעשקעס אין דיא הענד פון די יעניגע, וואס האבען זיך גע־נומען דיא אונבערעכטיגטע חוצפה צו שפיעלען זיך מיט דעם טאקע וויא געמער. ניט א טראכט טהאנדיג אפילו האבען זיי גענומען זייער איינציגען לעבען, וועלכען זיי קענען קיינ־מאל צוריק ניט קריעגען, און אוועקגעלעגט עס ביי דיא פיס פון א מאכט, וואס האט ניט געקענט בעווייזען, צי זי וויים וויא צו בעגעהן זיך מיט אט דיא לעבענס.

און די לייטע, וואס האבען עס אזוי גערעדט, זיינען אפי־צירען. טא פון וואנען זאל זיך נעהמען א שטראהל האפ־נונג?

אפשר פון דארט, פון צווישען די איינפאכע מענשען. דעם פראסטען קאנאנען־שפייז? זיי ליעגען איצט צוזאמענ־גענורעט אויף זייערע פלעצער און האבען זיך שוין מיאש גע־ווען פון לעבען; זיי טראכטען פון דער היים, און יעדער איי־נער פון זיי פיהלט, אז ער איז א מענש.

מארשנער פיהלט, אז ס'ציהט איהם צו דיעזע מענשען. צו זייער שטילער, שטומער אומעטיגקייט, צו זייער אמת'ער גרויסקייט: זיי זיצען דארט שטיל אין פראסטע זאכען. אהן פאראד און אהן ליארם אוןווארטען גערולדיג אויף'ן טוידט, וויא העלדען.

אין דרויסען לעבען הייל זיינען געשטאנען דיא פער־בליעבענע פון דער קאמפאניע, גרייט פאר'ן מארש צוריק, צו

צוויי אין א רייהע און מיט א טוידטען חבר אויף א לייוועגט צווישען. א לאנגע פראצעסיאן, א טיעף ריהרענדע מיט איהר שטיל־שטומער ערוואַרטונג. און דער הוזשען און טראַכען פון די שראַפנעל און דער דונערן פון דיא גראַנאַטען איז גע־פאַלען וויא א ווארנונג פון דער הויך צו דיא יעניגע, וועלכע האַבען נאָך געלעבט.

מאַרשנער האַט מיט פערביטערונג פערטשעמעט דעם קולאק געגען דיעזער אונזאַטבאַרקייט.

אין דיעזער מינוט איז דער בלאַסער סערזשאַנט ארויס־געטראַטען פון פאַרענט, וואו דיא טוידטע זיינען געלעגען אין א הורבע, און האַט איבערגעשראַקען מאַרשנער'ן און ארויסגעשלאַגען איהם פון זיינע געדאַנקען.

„קאַפּיטאַן, ערלויבט מיר צו זאגען אייך, אז א חוץ די פערצעהן טוידטע קערפּערס זיינען פאַראן דריי פערוואונדעטע לייטע, וואַס קענען ניט געהן — איטאַליענער. ס'איז ניטא מעהר קיין טראַג־ברעטלאַך פאַר זיי".

„מיר'ן זיי אייך איבערלאַזען אַלט א מתנה". האַט אויף זיין בורטשענדען שטייגער א לאַך געטהאָן דער קאַמאַנדאַנט. וועלכער האַט געהאַלטען אין ארויסגעהן מיט וועיקסלער'ן פון דער הויל: „איהר קענט זיי ביינאַכט ארייננראַבען אין דער הויך דאָרט צווישען דיא פערקעהר־טראַנשעען, קאַפּיטאַן. ווען ס'ווערט פינסטער, שיסען די איטאַליענער ווייטער אהינ־טער, קען מען דאַן ארויסקריכען. ס'פערשטעהט זיך, זיי וועלען דאָרט לאַנג רוהיג ניט ליעגען אונטער דר'ערד, וואָ־רים די קוילען רייסען באַלד אַלעס אויף. מיין געפאַלענעם פאַהנען־טרעגער האָב איך דריי מאָל געמוזט בעערדיגען".

„ווי אזוי זיינען זיי אהער יעדענפאַלס אריין?" האַט וועיקסלער א פרעג געטהאָן, שפּאַרענדיג זיך פאָרווערטס. „האַט איהר געהאַט א שלאַכט אין דער טראַנשעע?"

דער אנדער לייטענאַנט האַט שטאָלץ א דרעה געטהאָן מיט'ן קאָפּ. „ניין, אייגענטליך ניט. דיא העררען זיינען ניט צוגעקומען אזוי ווייט. דיעזע דריי האַבען פאַרגעסטערן געפּרובירט איבערשניידען דיא דראַטען־צאַמען, אבער אונזער

מאשין־הארמאט שיסער האט זיי פאצאפעט און איבערגע־שלאגען זיי אין מיטען דער ארבייט. נו, זיינען זיי געלעגען דארט, און זיי האבען געהאט פרעכטיגע שיך. העלל־געלע. אונזערע לייטע האבען זיי ניט פערגונען די שיך. אז דארט — האט ער אנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף די פיס פון דעם בלייבען סערזשאנט — „אט איז איין פאאר. אבער מ'דארף שוין געהן. מארש, סערזשאנט! אדיע, קאפיטאן. די איטאליענער וועלען זיך חידוש'ן, ווען זיי וועלען היינט קומען צו מאכען פון אונז א סוף. און פלוצלונג וועט א קראך טהאן פון א הונדערט פופציג ביקסען און צוויי נייע פייער שפריצער. כא־כא! א שאד וואס איך קען דא ניט זיין צו זעהן עס! זייט געזונד!"

אונטערמורמלענדיג עפעס א ניגון'דעל פון א פאפולערער ליעדעל איז ער אוועק נאך זיינע סאלדאטען — ניט אומ־קוקענדיג זיך צוריק, ניט בעמערקענדיג זאגאר, אז מארשנער האט איהם א שטיקעל וועג בעגלייט.

לוסטיג, וויא צו עפעס א פיק־ניק, זיינען דיא סאלדאטען אוועק אויף זייער וועג. וועלכער האט זיך געצויגען איבער א שרעקליך־צוריסענער צוגראבענער פעלד און א צושאסענעם משופע'דיגען בארג. וואס פאר א גיהנום זיי זיינען עם דא אויסגעשטאנען אין דיעזע אונטעראירדישע גאלערעע־לע־בער! מארשנער איז געבליבען שטעהן און האט א טיעפען זיפץ געטהאן, אזוי וויא די לאנגע גרויע רייהע, וואס האט זיך לאנגזאם געצויגען דורך דער טראנשעע, וואלט מיט זיך אוועק־געטראגען דיא לעצטע האפנונג. דיא פלייצע פון דעם לעצ־טען סאלדאט, וואס איז געווארען אלץ קלענער און קלענער, איז פאר איהם געווען דיא גאנצע וועלט. דעם קאפיטאן'ס אויגען האבען זיך זשעדנע איינגעגעסען אין דיעזער פלייצע. און ער האט מיט אימה א מאס געטהאן דיא שטרעקע ביז'ן ווינקעל פון דיא טראנשעע, נאך וועלכער ער וועט זיא שוין קיינמאל מעהר ניט זעהן. ס'איז נאך פאראן צייט א רוף צו טהאן זיי, און ווען מ'זאל א לאף טהאן שנעל, קען מען זיי נאך אניאגען און אפגעבען א בריעף.

באלד איז פערשוואונדען דער לעצטער פינטעל צווישען איהם און די איבעריגע וועלט. און זיין לעכצענדער דורשטיגער בענקען האט זיך אזוי ווי דערשראקען, צוזאמענגענורעט פאר דעם ענדלאזען שטח, וואס ער האט געהאט אריבערצושפאנען. — און א חוץ זיין בענקען איז ניט געווען קיין אנדער זאך מיט וואס אריבערצושפאנען עס.

מארשנער איז ווי פערזונקען געווארען אין זיך זעלבסט, וויא ער איז דא אזוי געשטאנען איינער אליין אין דער פוסטער טראנשעע. ער האט געפיהלט אזוי וויא ער וואלט אויסגעלעדיגט געווארען, און ער האט זיך ארומגעקוקט נאך הילף, און זיינע אויגען האבען זיך אנגעכאפט אן דעם נידריגען ארט, פון וואנען מ'האט ארויסגעשלעפט דיא טוידטע קערפערס. דיא דריי איטאליענער זיינען נאך דארט געלעגען, אבער שוין אהן א שפור לעבען. ביי איינעם האט זיך געזעהען דער געזיכט; דיא מויל איז ביי איהם געווען ברייט אפען, וויא א געשריי צו טהאן, און דיא הענד איינגעגראבען איז זיין אומגעלומפערט־אויפגעשוואלענעם קערפער, וויא ער וואלט געוואלט אפשטופען דעם וועהטאג. דיא אנדערע צוויי זיינען געלעגען מיט דיא פיס ארויפגעדרעהט און דיא קעפ צווישען דיא הענד. דיא נאקעטע פיס מיט דיא גראהע צוקרימטע פינגער האבען, וויא גע'גנב'עטע חפצים ארייגעקוקט אין דער טראנשעע מיט א מינע פון שטומע בעשולדיגונג. דיזע קערפערס האבען דערמאנט אן עפעס ווייטעס, איינזאמעס. אן אפגעזונדערטקייט האט זיך געפיהלט ארום זייערע נאקעטע פיס. א פערפלאנטערטע געוועב פון עראינערונגען האט זיך אויפגעהויבען, א מחנה פון פארביישוועבענדע געזיכטער האט דורכגעשימערט אין דעם קאפיטאן'ס מוח — שיפלאדטרייבער אין ווענעציע, פלאפלערישע פוהרמאנעס, דעם פאפיליפא'ס קרעטשמער'ס וויב אהן צייהן. צוויי לוסטרייזעס האט מארשנער אמאל געמאכט אין איטאליען, איז איצט ארויסגעשוואומען אין זיין זכרון א מחנה פיינליכע פיגורען. און ענדליך איז ערשיענען נאך א פיגור אין א שרעקליכען טוידטען־טאנץ — זיין אייגענע שוועסטער וויא זיא זיצט

אין א קאנצערט־זאאל אין וויען, א זארגלאזע, א פרעהליכע, און הערט זיך צו צו געזאנג, אין זעער צייט ווען איהר ברודער ליעגט איצט ערגעץ איסגעצויגען אויף דר'ערד א טויט־פערגליווערטער, דעם שונא'ס א קערפער צום אפשליידערען אן א זייט.

א סקרוכע אין דעם קאפיטאן אריבער איבער'ן לייב און ער איז האסטיג אוועק צוריק אין דער טראנשעע, אזוי וויא ד' דריי טויטע וואלטען איהם שטיל, געררווישלאז נאכגעפאלגט אויף זייערע בארפיסע פים. ווען ער האט ענדליך דערגרייכט זיינע סאלדאטען, האט ער זיך דערפיהלט וויא ער וואלט אנגעקומען צו א רעטונגס־האפען.

דיא קוילען זיינען איצט אזוי געדיכט געפאלען, אז ס'איז קיין רגע אפרוה גיט געווען צווישען דיא עקספלאזיאנען, און אלע קלאנגען און קולות האבען זיך צונויפגעגאסען אין איין דונער, וואס ס'האט זיך גלייך געקייקעלט, און דיא ערד האט פון דעם געציטערט וויא א שיף אין ים.

בעזאנדערס שטארק איז אבער געווען איין שאס, וועלכער האט געטראפען דיא טראנשעע אין דער הויך און אויף פיצ־לאך צושמעטערט און צושליידערט דיא סטעליע אין אלע זייטען. אין עטליכע מינוט ארום האבען צוויי קרעכצענדע מענשען ארונטערגעשלעפט א קערפער, אנגעשפארט איהם אן דער וואנט פון טראנשעע און זיינען צוריק אוועקגעקראכען דורך דער שמאלער שאכטע צו זייערע פאסטען. מארשנער האט געזעהן, וויא זיין סארזשענט הויבט זיך אויף און בע־וועגט מיט דיא ליפען — דאן האט זיך אין ווינקעל אויפגע־הויבען א סאלדאט, גענומען זיין ביקס און אומעטיג אוועק נאך די צוויי. דאס אלעס איז געווען אזוי טרייסטלאז אומע־טיג, אזוי בארמלאז געשעפטסמעסיג, פונקט ווי מ'רופט אוים סאלדאטען איינעם נאך'ן אנדערען אויף'ן הויף פון קאזארמע, מיט דעם איינציגען אונטערשיעד בלויז, וואס דא האט זיך גלייך ארום דעם טויטען פערזאמעלט א קליינע גרופפע און האט געקוקט מיט צוריקגעהאלטענער נייגעריגקייט, וויא פשוט'ע דארפס־לייטע קוקען געוויינליך אויף מתים און לויות.

דאס רוב פון זיי האבען עס אויך פון מארשנער'ן ערוואר־טעט — ער האט עס געזעהן אין זייערע אויגען — אז ער זאל אויך צוגעהן און בעצאהלען דיא לעצטע עהרע דעם טויטען. ער האט עס אבער ניט געוואלט טהאן. ער איז געווען ענט־שלאסען ניט אויסצוגעפינען דעם געפאלענעם מאן'ס נאמען. ער האט ניט אנדערש געוואלט. ענדליך נעהמען זיך קאנטראָ־לירען, נובר זיין זיך, און פערבלייבען גלייכגילטיג צו אלע קליינע פאסירונגען. וויא באלד ער האט דעם געפאלענעם'ס געזיכט ניט געזעהן און ניט געהערט זיין נאמען, איז דאך דאס ניט מעהר וויא עפעס א געפאלענער אויף'ן שלאכטפעלד. איינער פון דיא פיעלע טויזענדע. אז ער וועט נאר שטעהן פון ווייטען, זיך ניט צוקוקען צו יעדען איינעם און זיך ניט ווי־סענדיג מאכען פון יעדען איינעם'ס שיקזאל, וועט ניט נאר אזוי שווער זיין צו פערבלייבען גלייכגילטיג.

איינגע'עקשנ'ט איז ער אוועק צו דער צווייטער שאכטע, וואס ציהט זיך אין דער הויך, און צום ערשטען מאל האט ער בעמערקט, אז ס'איז הארט גאנץ שטיל געווארען, קיין קראכען, קיין געפילדער. דיעזע שטילקייט האט אויף דעם פערטויבענדען געהויש געווירקט וויא א פאראליזירענדע גע־וויכט און האט אנגעפילט דעם שטח מיט אן אנגעשטרענגטע ערווארטונג, וועלכע האט געפלאטערט אין אלעמענס אויגען. ער האט זיך געוואלט בעפרייען פון אט דער פיינליכער שווער־קייט, און ער איז אוועקגעקראכען דורך דער צוריסענער שאכ־טע ארויף אין דער הויך.

דיא ערשטע זאך האט ער דערזעהן וועיקסלער'ס קרומע פלייצע. ער האט געהאלטען דיא שפאקטיווע וויא צוגע־קלעפט צו דיא אויגען, בעשיצט פון א שילד. דיא איב־ריגע זיינען אויך געשטאנען וויא צוגעשמידטע צו זייערע פלע־צער. און עטוואס שרעקליכעס האט זיך געפיהלט אין די פער־גליווערטע בעוועגלאזיגקייט פון זייערע אקסלען. מיט אמאל איז א ציטער דורכגעלאפען דורך דער פערשטיינערטער רייהע. וועיקסלער האט א שפרונג געטהאן אהינטער, אנגעשטויסען זיך אויף'ן קאפיטאן און האט א געשריי געטהאן: „זיי קור־

מען !" דאן האט ער זיך א לאז געטהאן צו דער שאכטע און דערלאנגט דעם אויפרוף־סיגנאל.

מארשנער האט איהם נאכגעקוקט מיט א הילפלאזען אויסזעהן. מיט אונענטשלאסענע טריט איז ער צוגעגאנגען צום שוץ־שילד און האט ארויסגעקוקט אויף דער ברייטער מיט רויך־בעדעקטער פעלד, וועלכע האט זיך פארקירעוועט אריבער דעם פארפלאנטערטען דראטען־נעץ, א גראבע, א צו־ריהעטע, א בלוט־בעפלעקטע, וזיא אן אויפגעשוואלענער ריע־זיגער קערפער. ווייט אין דעם הינטערגרונד האט דיא זונן געהאלטען אין אונטערגעהן — א גרויסע, א קופערנע, אן איבערגעהאקטע אין דער העלפט. האט זיא אויסגעקוקט וויא זיא וואקסט ארויס פון דער ערד. און אנטקעגען דיעזען גלענ־צענדען הינטערגרונד האבען טונקעלע געשטאלטען אומגע־טאנצט וויא פליגעלעך אדער קארליקלאך אין א פארגרעסע־רונגס־גלאז. און האבען אויסגעזעהען וויא אינדיאנער, וואס פערמעסטען זיך מיט זייערע לאנגע העק. זיי האבען זיך נאר אלץ געזעהן ניט מעהר וויא פינטלעך. אמאל זיינען זיי אין גאנצען פערשוואונדען און באלד זיך א הויב געטאהן, געווארען נעהענטער, און זייערע ביקסען, וואס האבען זיך געדרעהט אין דער לופטען האבען אויסגעזעהן, ווי די פיסלאך פון א חיה'לע, וואס צאפעלט זיך. ביסלעכווייז האבען זיך זייערע געשרייען גענומען הערען און געווארען אלץ העכער העכער וויא א הונט'ס בילן פון דער ווייטען. זייער אויפרוף „אוואנטי !"*) איז געווען א שניידענדער, און ווען זיי האבען אויסגעשריען „קאררארזשיא !"**) האט זיך עס דורכגעטרא־גען דורך זייערע רייהען וויא א פארשטיקטער קייקלענדער קראכען פון א דונער.

דיא גאנצע מחנה איז איצט געשטאנען געדיכט געפאקט ביים זייט פון דער טראנשעע, דיא פנים'ער זייערע וויא פער־שטיינערטע, פערגליווערטע, בלייכע וויא קאלך, מיט מיילער וויא אהן ליפען. יעדען אייגעם'ס ביקס אויף'ן פלאץ — איין רויב־פויגעל מיט א הונדערט אויגען און ארמס.

*) פארווערטס.
**) מוטה.

„שיסט ניט! שיסט ניט! שיסט ניט!“ האט לייטענאנט וועיקסלער'ס שטימע אהן אויפהער געהילכט דורך דער טראנשעע. ס'האט אויסגעדוכט, אז זיין בעפעהל נעהמט יעדען איינעם אן פאר'ן האלז און האלט אפ דיא פינגער. וואס האבען אנגענומען דיא ציגגלאד פון דיא ביקסען.

דיא ערשטע גראנאטע איז ארייננעפאלען אין טראנשעע. דער קאפיטאן האט געזעהן וויא זיא פליהט, און באלד האט זיך איין מאן אפגעריסען פון דער מחנה און מיט אויסגעשטרעקטע ארמס א פאלל געטהאן מיט א פערבלוטיגטען געזיכט אראפ אין גרוב אריין. דאן — ענדליך! — דאס איז געווען אן ערלייכטערונג — האבען דיא מאשין־הארמאטען גענומען טראכען, און גלייך האבען אויך דיא ביקסען אויסגעשאסען. א קאלטע אפשטויסענדע זשעדנעקייט איז געלעגען אויף אלע פנים'ער. איינינע פון זיי האבען גענומען שרייען פון האס און צארן, ווען נייע גרופפען האבען זיך בעוויעזען אהינטער דיא שיטער־געווארענע רייהען פון דעם שונא. דיא רעהרען פון דיא ביקסען זיינען געווען רויט פון היץ — און דאך האבען זיך גערוקט אלץ נעהענטער דיא ברומענדע אויסגעשרייען „קארראדזשיא!“

וויא אין א צוהיצטען וואהנזינן האבען דארט ארומגעמאנצט געשטאלטען, געשפרונגען גיין דער לופטען, אומגעפאלען, זיך איבערגעקוליעט איינער איבער'ן אנדערען, אזוי וויא דער מלחמה־מאניך האט ערשט איצט דערגרייכט דיא העכסטע שטופע פון זיין ווילדען ספאזמען־אויסברוך.

דאן האט קאפיטאן מארשנער בעמערקט, וויא דער מאן לעבען איהם לאזט אויף א רגע אראפ זיין ביקס און שטעלט שנעל מיט ציטערנדע הענד אריין דעם שפיז אין דעם רויכערענדען רעהר פון ביקס. דער קאפיטאן האט דערזיהלט, אז אט נעהמט ער ברעכען. עס האט איהם גענומען שווינדלען אין דיא אויגען, און ער האט זיך אנגעשפארט אן דער וואנט פון טראנשעע, און זיך ארונטערגעלאזען אויף דער ערד.

וועט ער עס שטעהן און צוקוקען? צוקוקען וויא לעבען איהם ערמארדעט מען מענשען?

ער האט ארויסגעכאפט פון קעשענע דעם רעוואלווער, ארויסגענומען פון איהם דיא קוילען און אוועקגעשליידערט איהם.

איצט איז ער געווען שוצלאז. און פלוצלונג איז ער געווארען רוהיג און האט זיך אויפגעשטעלט אויף דיא פיס, וויא ערהויבען פון א וואונדערבארע ערנסטקייט. געגרייט צו לאזען זיך צורייסען פון איינעם פון יענע צוקאכטע פערמאפעטע חיות, וואס האבען געהאלטען אין בושעווען, געטריבען פון א בלינדען טוידט־שרעק. איהם האט זיך געוואלט שטארבען ווי א מאן, אהן שנאה, אהן צארן, מיט ריינע הענט.

א הייזעריגער רעווען, א שרעקליכער, פערווילדעטער געשריי. כמעט ביי זיין זייט האט א קעהר געטאהן זיינע געדאנקען צוריק צו דער טראנשעע. א ברייטער בלענדענדער פאס ליכט און פייער. שטראמענדיג משופע'דיג און אויסגעבויגען, האט זיך ארונטערגעלאזען לעבען איהם און האט זיך צושפריצט איבער'ן אקסעל פון דעם הויכען געשטופעלטען שניידער־יונג פון דער ערשטער רייהע. אין איין אויגענבליק האט דעם מאן'ס לינקער זייט אויפגעפלאקערט אין פלאמען. מיט א שוידערליכען יאמער האט ער זיך א ווארף געטהאן אויף דר'ערד. האט זיך געקרוטשעט אין אונערטרעגליכע יסורים, געשריען מיט גרילצענדע קולות, אויפגעשפרונגען, רעוועגדיג ווי אן אקס, און גענומען ארומלויפען ווי א לעבעדיגער פאקעל ביז ער איז אנידערגעפאלען, א פערסמאליעטער, האלב פער'שרפה'טער אויף קויל, א צוקרימטער, צולאהמטער, און איז געבליבען ליגען ווי א האלעוועשקע.

קאפיטאן מארשנער האט געזעהן ווי ער ליעגט, און האט דערשפירט דעם ריח פון פארברענטע פלייש, און זיינע אויגען האבען ניט ווילענדיג ארומגעוואנדערט אויף זיין אייגענע האנד, אויף וועלכער א קליינער ווייסער פלעק לעבען גראבען פינגער האט איהם דערמאנט אן די שמערצען, וואס ער האט איינמאל אין זיין יוגענד געליטען, ווען ער האט זיך אבגעברענט.

אין דעם מאמענט איז די טראנשעע פארהילכט געוואר־

רען פון א פרעהליכען „הורראה". וועלכער האט זיך ארויס־געריסען פון א הונדערט ערלייכטערטע העלזער: די אטאקע איז צוריקגעשטויסען געווארען. לייטענאנט וועיקסלער האט זיך גוט צוגעקוקט צו דעם, וואס האט געשליידער'ט דעם פלי־סענדען פייער. און האט איהם גלייך דעם ערשטען מאל גע־טראפען. דער פליסענדער פייער האט ווי א פאנטאזן אין דער הויך א שפאר געטהאן פון דעם געשאסענעם מאן'ס האנד און האט ארונטערגערענט אויף זיינע אייגענע חברים. פון זייערע רייהען איז א תל געווארען, און זיי האבען זיך פלוצ־לונג אנגעהויבען צוריקצוציהען, אפטרעטען פון דער אונער־ווארטעטער געפאהר, און גענומען פליהען אהן א מאלק, נאכ־געיאגט פון דער פירכטערליכער שיסעריי פון אלע ביקסען.

די סאלדאטען זיינען אללע אנידערגעפאלען, ווי טויטע, מיט פערמאטערטע געזיכטער און פער'חלש'טע אויגען אהן א ברעקעל גלאנץ, פונקט ווי אימיצער וואלט פערדרעהט דעם קראן און אבגעשטעלט דעם לעבענס־שטראם. וועלכער האט דיעזע האלב־טויטע נפשות געשפייזט מיט קראפט פון ערגעץ אן אונבעקאנטען קוואל. אייניגע פון זיי האבען זיך איינגע־שפארט אן דער וואנד פון טראנשעע, ווייסע ווי קעז, און הא־בען אנגעבויגען דיא קעפ און אויסגעבראכען פון מיעדקייט.

מארשנער האט אויך דערפיהלט, אז ס'נודיעט איהם צום ברעכען, און ער האט זיך גענומען שלעפען צו דער הייל. איהם האט זיך איצט געוואלט זיין אויף זיין פלאץ איינער אליין מיט זיך און ווי עס איז בעפרייען זיך פון דעם יאוש, וואס האט איהם אזוי פעסט געדריקט און ניט אפגעלאזען.

„וואס הערט זיך?" האט לייטענאנט וועיקסלער פלוצ־לונג אויסגעשריען, צושטערענדיג די שטילקייט, און האט א שפרונג געטאהן צום לינקען זייט, וואו די מאשין הארמאטען זיינען געשטאנען.

דער קאפיטאן האט זיך צוריק אומגעקעהרט, איז ארויף אויף'ן לייטער און האט ארויסגעקוקט אין דעם פאדערגרונד פון פעלד. גלייך אנטקעגען די געפלאכטענע דראטען איז אן איטאליענער געשטאנען אויף דיא קניע. זיין לינקער ארם איז

ארונטערגעהאנגען, אהן קראפט, וויא א טויטע זאך, און זיין רעכטע האנד האט ער געהאלטען אויפגעהויבען אין דער הויך מיט א געבעט. און ער איז לאנגזאם געקראכען צו זיי. אביסעל ווייטער אהינטער איהם, האלב פערבעהאלטען אהינטער זיין פלייצע, האט זיך עפעס קוים אומגעריהרט אויף דער ערד. דריי פערוואונדעטע מענשען האבען זיך עס געמאטערט צו קריכען צו זייער אייגענער טראנשעע, און זיי האבען קוים געפויזעט, זיך געשארט אויף אלע פיער. מ'האט געקענט קלאהר זעהן, אז זיי האבען זיך מיט אלע כחות געסטארעט צו פערבעהאלטען זיך צווישען די טויטע קערפערס: זיי פלעגען א קריך טהאן און בלייבען ליגען שטיל, בעוועגלאז, אום דער שונא זאל זיי ניט דערזעהן. דאס איז געוועזען א טרויעריגע בילד — פון גאנץ פארלאזענע, ארומגערינגעלטע פון טויט. האבען זיך דיעזע בעשעפעניסען פון דעספעראטער איינגעשטעמפט מיט די לעצטע כוחות און געהאלטען זיך פעסט פאר דעם שטיקעל פארבליבענעם לעבען זייערען.

„עי, אהער! ניטא ערגעץ א שטריק דא?" האט אן אל־טער קאפראלנער ארונטערגעשריען אין דער טראנשעע, „א רחמנות אויף דעם איטאליענער, נעבאך, לאמיר איהם אריינ־שלעפען אהער!"

די מאשין־הארמאטען האבען איהם איבערגעשלאגען. דער מאן אויף די קניע לעבען די דראטען האט זיך צונעהערט, האט געכאפט לופטען און איז געפאלען מיט'ן פנים אראפ. הינטער איהם האט זיך פון דר'ערד א הויב געטאהן א זייל שטויב, און די דריי הינטער איהם האבען זיך א דרעה געטאהן, ווי שלאנגען, אין דער לופטען, און נאכדעם האבען אלע דריי א שפרונג געטאהן פארווערטס, געפאלען — און געבליבען ליגען שטיל.

א רגע איז קאפיטאן מארשנער געשטאנען, ווי ער וואלט פארלארען דעם לשון. ער האט פארנאנדערגעעפענט די ליפען אבער קיין קול איז ניט ארויס פון זיין האלז. ענדליך האט דער צונג איהם געפאלגט, און ער האט אויסגעשריען, מיט א וויל־דען שטיקענדען צארן אין זיין שטימע:

„לייטענאנט וועיקסלער!“

„יא, מיין העדר!“ האט ער אבגעענטפערט גלייכ־גילטיג.

מיט פערטשעמעטע קולאקעס און א רויטען געזיכט איז קאפיטאן מארשנער צוגעלאפען צום לייטענאנט.

„האסטו עס געשאסען?“ האט ער קוים ארויסגע־סאפעט.

דער לייטענאנט האט אויף איהם געקוקט אן ערשטוינ־טער, האט אויסגעצויגען די הענד צו די זייטען פון די הויזען און מיט פאלקאמענער פארמאליטעט געענטפערט:

„יא, איך האב עס געטהאן“.

מארשנער האט ווידער א רגע פארלארען דעם לשון. דיא צייהן האבען איהם גענומען קלאפען. זיין קערפער האט אין גאנצען געציטערט, ווען ער האט ארויסגעשטאמעלט:

„שעהמסטו זיך ניט פאר זיך אליין? א סאלדאט שיסט ניט אויף הילפלאזע, פערוואונדעטע מענשען. געדענק עס!“

וועיקסלער איז בלאס געווארען.

„ערלויבט מיר אייך זאגען, קאפיטאן, אז דער וואס איז געווען ניט ווייט פון אונזער טראנשעע, האט פון אונז פאר־שטעלט די איבריגע. האב איך איהם ניט געקענט לאזען לע־בען“. און גלייך מיט א פלוצלונגען אויסדרוק פון צארן, האט ער מיט העזה צוגעגעבען: „א חוץ דעם, דענק איך, אז אהן איהם איז אויך פאראן גענוג הונגעריגע מיילער אין דער היים“.

דער קאפיטאן האט צו איהם א שפרונג געטהאן, ווי א הונד, מיט שטשירענדע צייהן, און האט א טופע געטהאן מיט'ן פוס און גענומען שרייען:

„ס'געהט מיר גאר ניט אן, וואס דו דענקסט. איך פאר־וועהר דיר צו שיסען אויף פארוואונדעטע! כל זמן איך קא־מאנדיר דא, מוז יעדער פערוואונדעטער זיין הייליג, קיין אונ־טערשיעד ניט, צי ער פרובירט צוקומען צו אונז, אדער צוריק־געהן צום שונא. פערשטעהסט, וואס איך זאג?“

דער לייטענאנט האט זיך אויסגעצויגען גלייך ווי א סטרונע און מיט חוצפה געענטפערט:

„אין דיזען פאלל, הערר, ערלויבט מיר בעטען אייך צו געבען מיר דיזען בעפעהל אן אויפגעשריבענעם. איך האלט עס פאר מיין פליכט אנצוטהאן דעם שונא וואס מעגליך מעהר שאדען. דער מאן, וועלכען איך'ל היינט לאזען לעבען, קען זיך אויסהיילען און אין א פאר מאנאטען ארום קומען און אפשר טויטען צעהן חברים מיינע".

דיא צוויי מענשען זיינען א ווײלע געשטאנען שטיל און אנגעקוקט איינער דעם אנדערען, ווי זיי וואלטען וועלען אנפאנגען א קאמפף אויף לעבען און טויט. דאן האט מארשנער עטוואס א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ און געענטפערט מיט א געלאססענעם רוהיגען קול:

„וועסט עס האבען אויפגעשריבען!"

ער האט זיך אומגעדרעהט אויפ'ן אבסאץ און איז אוועק. געפארבטע, גרויסע רעדער, האט זיך איהם געדאכט, טאנצען ארום פאר זיינע אויגען, און ער האט געמוזט צוזאמענעהמען זיך מיט אלע כחות, ניט צו פארלירען דיא גלייכגעוויכט. ווען ער האט ענדליך דערגרייכט דיא העיל, איז ער, ווי א באזיענטער, א פאל געטהאן אויף א קאסטען פון פוסטע בלעכען. זיין האט האט זיך לאנגזאם אומגעבימען אין א טיעפען פארביטערטען געפיהל פון אבהענגיגקייט. ער האט גוט געוואוסט, אז ער איז אומגערעכט. ס'פערשטעהט זיך, ניט פאר זיין אייגענעם געוויסען! זיין געוויסען האט איהם געזאגט, אז דאס, וואס דער לייטענאנט האט יעצט אפגעטהאן, איז א פשוט'ער מארד, בעגאנגען פון א פייגלינג. אבער ער און זיין געוויסען האבען דא קיין שום דעה ניט געהאט. זיי האבען גראד פארבלאנדזשעט אהער, מוזען זיי פערבלייבען אומגערעכט. וואס זאל ער טאהן? אויב ער וועט געבען דעם בעפעהל אן אויפגעשריבענעם, וועט וועיקסלער קריגען זיין געווינשטע געלעגענהייט ארויסצושטופען זיך פאראויס און איינלאדען אן אונטערזוכונג פון זיין אויפפיהרונג. ער האט דעם פאסקודנעם נפש ניט פארגונען אזא טריאומף. אפשר וואלט גאר גלייכער געווען צו מאכען אן עק צו דעם אלעמען אויף אזא אופן: ער וועט אוועק צום שטאב פון דער בריגאדע

און זאגען זיי דארט, די הויכע העררען, אפען אין זייערע פנים'ער אריין, אז ער קען מעהר ניט צוקוקען די ווילדע שחיטה, אז ער קען מעהר ניט שיסען מענשען ווי ווילדע חיות, קיין אונטערשיעד וואס פאר א שינעל זיי טראגען. ראז. אם ווענינגסטענס, וועט ארונטערגעריסען ווערען די מאסקע. זאלען זיי איהם שיסען, אויב זיי ווילען. אדער הענגען ווי א פשוט'ען פערברעכער. ער וועט זיי ווייזען, אז ער ווייס ווי צו שטארבען.

אז ענטשלאסענער איז ער ארוים אין דער טראנשעע און געהייסען א סאלדאט געהן רופען לייטענאנט וועיקסלער. ער האט איצט געפיהלט אזוי רוהיג און געזעהן אלעס אזוי קלאהר. ער האט געהערט די טייוועלשע שיסעריי, וואס די איטאליע־נער האבען וויעדער אנגעפאנגען. און ער איז אוועק פאר־ווערטס, געלאסען, ווי שפאציערענדיג.

„זיי שליידערען איצט אויף אונז שווערע באמבעס, קאַ־פיטאן", האט דער אלטער קאפראלנער א זאג געטהאן און מיט פערצווייפלונג א קוק געטאהן אויף מארשנער'ן. אבער מארש־נער איז פארבייגעגאנגען ווי ס'אארט איהם גאר ניט: דאס אלעס האט מעהר קיין שייכות מיט איהם ניט געהאט. דער לייטענאנט וועט שוין איצט איבערנעהמען די קאמאנדע. אט דאס וועט ער איהם איצט זאגען. ער האט שוין קוים געקענט זיך דערווארטען אויף דער רגע צו בעפרייען זיך פון דער פער־אנטווארטליכקייט.

אז וועיקסלער איז ניט אזוי שנעל געקומען, איז דער קאפיטאן ארויפגעקראכען פון שאכטע ארויף אין דער הויך.

רעם לייטענאנט'ס קליינע בייזע אויגען האבען געזוכט דעם געשריבענעם בעפעהל אין מארשנער'ס האנד. דער קאַ־פיטאן האט זיך געמאכט אז ער בעמערקט ניט די פראגע אין זיין בליק, און האט מיט א באפעהלענדען טאן געזאגט:

„לייטענאנט, איך גיב אייך איבער די קאמאנדע אי־בער דער קאמפאני ביז —"

א קורצער פירכטערליכער קראד האט איהם איבערגע־שלאגען אין מיטען. „דאס וועט מיר איצט טרעפען", האט

ער א טראכט געטאהן. און אין דער זעלבער רגע האט ער גע־זעהן עפּעס ווי א שווארצער וואלפיש האט זיך פון הימעל א טראג געטהאן פאר זיינע אויגען און א לאז געטהאן זיך מיט'ן קאפ אראפ אין דער טראנשעע אהינטער איהם. דאן האט זיך א גרוב געעפענט אין דר'ערד און ס'האט א שפאר געטהאן א ים פלאמען; דאס האט איהם א הויב געטהאן און אנגע־פילט זיינע לונגען מיט פייער.

ביסלאכווייז קומענדיג צו זיך, האט ער זיך דערזעהן א פארשאטענעם מיט א גרויסען בארג ערד, און בלויז זיין קאפ און די לינקע האנד זיינען געווען פריי. די איבריגע אברים האט ער ניט געפיהלט. דער קערפער זיינער, האט זיך איהם גערוכט, האט קיין שום געוויכט ניט. די פיס האט ער ניט גע־קענט געפינען. ער האט מיט קיין איין גליעד ניט געקענט א ריהר טהאן, אבער עס האט איהם געברענט און געגבערט ערגעץ אין מארך, גע'שרפה'ט זיין שטערען, און זיין צונג איז געווען ווי א שווערער געשוואלענער שטיק קנויל, וואס האט איהם פארלעגט די האלז און געשטיקט.

„וואסער!" האט ער ארויסגעזיפצט. איז גאר ניטא קיינער, וואס זאל איהם אריינגיסען א טראפען פליסיגקייט אין דער ברענענדער פוסטקייט פון זיין מויל? גאר קיינער ניט? טא וואו איז וועיקסלער? ער מוז דאך זיין דא ערגעץ. סיידען — איז עס מעגליך, אז וועיקסלער איז אויך פאר־וואונדעט?

מארשנער האט געוואלט א שפרונג טהאן און אויסגע־פינען וואס עס האט מיט וועיקסלער'ן געטראפען. ער האט געוואלט...

קוים מיט מאטערניש האט ער דערשלעפט דיא לינקע האנד צום קאפ, און אז איהם איז ענדליך געלונגען אונטער־צורוקען זי אונטער'ן פאטילניצע, האט ער מיט א שוידער דערפיהלט, אז זיין שארבען וועיזט ניט ארויס קיין וויעדער־שטאנד. און זיינע פינגער האבען זיך אריינגעגליטשט אין א ווארעמליכע וויכע קאשע, און זיינע האאר, קלעפיג פון פאר־

גליווערטען בלוט, האבען זיך צוגעקלעפט צו זיינע פינגער, ווי ווארימער, פייכטער וואליק.

„כ'שטארב!" איז איהם ווי א קעלט דורכגעלאפען דורך'ן מח. צו שטארבען דא — איינער אליין. און וועיקס־לער? — ער מוז אויסגעפינען וואס איהם האט געטראפען...

מיט אן איבערנאטירליכע אנשטרענגונג האט ער אויפ־געהויבען די קאפ, צוגעשפארט מיט דער לינקער האנד און ארומגעקוקט זיך. ער האט דערזעהן וועיקסלער'ן, מיט'ן פלייצע צו איהם, אנגעשפארט מיט'ן רעכטען זייט אן וואנד פון טראנשעע, אן אויסגעבויגענער, האלטענדיג זיך מיט דער לינקער האנד פאר'ן זייט, די אקסלען ווי הארבעוואטע, אזוי ווי ער וואלט געהאט א קראמפף. דער קאפיטאן האט זיך א הויב געטהאן אביסעל העכער און האט דערזעהן דעם באדען אין א ברייטען, טונקעלען שאטען וואס איז געפאלען פון וועיקסלער'ן. בלוט? ס'רינט פון איהם בלוט? וואו־דען? נו, געוויס, דאס איז דאך בלוט, ס'קען דאך קיין אנדער זאך ניט זיין. און דאך האט זיך עס געצויגען אזוי מאדנע, ווי א דינער רויטער פאדים ביז וועיקסלער'ן, ביז דעם פלאץ, וואו זיין האנד דריקט דעם זייט, דריקט עפעס אזוי ווי ער וואלט וועלען ארויסרייסען די ווארצלען, וואס בינדען איהם צו צו דער ערד.

ער מוז זעהן, וואס דאס איז, האט מארשנער געטראכט. האט ער נאך אביסעל ארויסגעשלעפט דעם קאפ פון אונטער דער הורבע ערד — און האט ארויסגעלאזען א הייזעריגען גע־שריי, פול מיט אונענדליכען שוידער: וועיקסלער האט גע־שלעפט נאך זיך זיינע אייגענע געדערים.

„וועיקסלער!" האט זיך פון מארשנער'ן ארויסגעריסען מיט שרעק און מיטלייד.

וועיקסלער האט זיך לאנגזאם אבגעקעהרט און מיט א פראגע אראפגעקוקט צו מארשנער'ן, א בלאסער, א טרויע־ריגער, מיט דערשראקענע אויגען. ער איז אזוי געשטאנען א רגע, א טהייל פון א רגע, און האט פערלארען דעם גלייכגע־וויכט און איז אומגעפאלען. דער קאפיטאן האט איהם מעהר

ניט געזעהן. זייערע בליקען האבען קוים צייט געהאט צו בעגעגענען זיך. וועיקסלער'ס בלאסער געזיכט האט נאר א שוועב געטהאן פארביי מארשנער'ס בליק. און דאך איז ער גע־בליבען שטעהן, ווי צוגעטשעפעט, אין דער לופטען, מיט א זאנפטען, ווייכען, יאמערליכען אויסדרוק ארום די שמאלע ליפען — אן אונפערגעסליכע בילד פון אונטערוואָרפען זיך צום שיקזאל, אונטערוואָרפען זיך מיט איידעלקייט, מיט אנגסט.

„ער ליידט!“ האט דורכגעבליצט ביי מארשנער'ן אין קאפ. „ער ליידט!“ דאס האט איהם שטארק דערפרעהט, און א לייכטע רויטקייט האט דורכגעשפּארט דורך זיין בלאסקייט. זיינע פינגער, קלעפּיגע מיט בלוט, האבען אזוי ווי גע־לאסטשעט די לופט, ביז זיין קאפ איז אראפּגעזונקען אהינטער און זיינע אויגען האבען זיך געשלאסען.

די ערשטע סאלדאטען, וואס האבען אריינגעדרונגען צום בארג ערד, וואו ער איז געלעגען, האבען איהם געפונען א טויטען, אבער ניט אכטענדיג אויף זיין מאוים'דיגע וואונד, האט ארום זיינע ליפען געשוועבט א צופריעדענער, כמעט א גליקליכער שמייכעל.

III

# דער זיעגער

אויפ׳ן בעפעהל פון זיין עקסעלענץ, דעם קאמאנדיר־גענעראל, האט יעדען נאכמיטאג, פון דריי ביז פיער אוהר, געשפיעלט א מיליטערישע קאמפאניע מוזיק אויפ׳ן גרויסען מארק אנטקעגען דעם געריכט־הויז, וועלכער האט איצט געדיענט אלס הויפט־קווארטיר פאר׳ן רעגימענט און האט פון פארענט געהאט דיא בוכשטאבען א. א. ק., וויא א מין מיסטישער צייכען. דיא ביסעל פערגעניגען פון דיא מוזיק איז בעאבזיכטיגט געווארען צו פערגיטיגען דער ציווילער בעפעלקערונג כאטש וויפיעל עס איז פאר דיא פיעלע אונבעקוועמליכקייטען. וואס זיא האט געהאט אויסצושטעהן פון די עטליכע הונדערט שטאב־אפיצערען און א צאהל קלענערע בעאמטע, וועלכע זיינען דארט איינגעשטאנען. דערצו, לויט דיא מיינונג פון זיין עקסעללענץ, האט דיא מוזיק אויך זעהר פיעל געהאלפען צו פארגרעסערען דיא פאפולאריטעט פון דער ארמיי און אויפוועקען פאטריאטיזמוס ביי שוהל־קינדער און ביי דיא מאססען. דער שטרענגער קאמאנדיר האט עס געהאלטען פאר העכסט־וויכטיג, צוליעב די אינטערעסען פון דער מלחמה, צו ערציהען א ריכטיגען בעגריעף ביים עולם און צו ערמוטהיגען פריינדליכע בעציהונגען צווישען דער מיליטער און דיא ציווילע בעאמטע. און אין דער צייט ניט פארנאכלעסיגענדיג, פערשטעהט זיך, אללע אייגענע פריווילעגיעס. דאס איז געווען נויטיג פאר אן ערפאלגרייכער פארטזעצונג פון דער מלחמה. צופעליג האבען דיא שטאב־

אפיצערען און זיין עקסעללענץ פונקט אין דער צייט יעדען נאכמיטאג געטרונקען וויא געוועהנליך שווארצע קאווע. און דאס האט א סך, א סך געהאט צו זאגען, אז דיא קאנצערטען זאלען שטאטפינדען.

ס'איז ווירקליך א חיות געווען צו זיצען אין שאטען פון די אלטע הונדערט־יעהריגע נידעריגע בוימער, וועמענס צווייגען האבען זיך דורכגעפלאכטען און וויא א געוועלב גע־האנגען און בעדעקט דעם גאנצען מארק. וויא דער סופיט פון א קלויסטער. פון דער אסיעו־זונן איז אן אומעטיגער שיין געפאלען אויף דיא וועגט פון דיא הייזער ארום, און גאלדענע רינגען האבען זיך דורכגעריסען דורך דיא נעדיכטע בלעטער און אומגעשפיעלט אויף דיא קיילעכדיגע טישלאך. וואס זיינען געווען אויסגעשטעלט אין לאנגע רייהען לעבען קאפע־הויז. איין רייהע טישלעך, רעזערווירט פאר דיא שטאב - אפיצערען. איז געווען בעדעקט מיט שנעע־ווייסע טישטעכלעך. מיט קליינע בלומען־וואזען און פרישע פוכקע געבעק, וועלכע דער סערזשאנט פון דער פראוויאנט אב־טהיילונג פלעגט פינקטליך יעדען טאג דריי אוהר נאכמיטאג ברייננען פון דער מיליטערישער בעקעריי, וואו מ'פלעגט זיי באקען אונטער דער בעזונדערער פערזענליכער אויפזיכט פון דעם קוכער ספעציעל פאר זיין עקסעללענץ און דעם שטאב.

א שעהנע פרעהליכע בילד פון א לוסטיגען פערשיעדענ־ארטיגען גרויס שטאדטישען לעבען האט זיך רוישיג ארומגע־טראגען ארום דעם מוזיק־פאוויליאן. יעדער איינער האט אויסגעזעהען לוסטיג און זארגלאז וויא אויפ'ן „גראבען" אין וויען אין א זוניגען פריהלינגס־טאג אין רוהיגע פריעדליכע צייטען. דיא קינדער האבען זיך געשטופט ארום ארקעסטער. צוגעקלאפט צום טאקט און בעגייסטערט אפלאדירט נאך יע־דען מאל אבשפיעלען א זאך. דיא גאסען, וואס האבען זיך געצויגען צום מארק, זיינען געווען פולל מיט מיידלעך, וואס האבען געלאכט, געכאכאטשעט. און סטודענטען אין העלע היטלען, און דיא פני פון שטאדט, דיא פרויען פון דיא בכבודע בעלי־בתים. פון דיא שטאדטישע בעאמטע און

סוחרים, זיינען געזעסען אין דער קאנדיטאריי אויפ'ן מארק און געווארט אויף א געלעגענהייט ארויסצוציינען זייער גע־רעכטען צארן און אויפגעבראכטקייט געגען דיא חוצפה'דיגע פוץ־קליידער, דורכזיכטבארע זאקען און קורצע קוים־צו־דיא־קניע־דערגרייכענדע קליידלעך פון א געוויסען קלאס פרויען־צימער. וואס האבען מיט גוואלד אריינגעדרונגען אין שטאדט און, ניט אכטענדיג אויף אלע פראטעסטען און בעפעהלע, האבען זיי אהן חרפה און בושה געמהאן זייער שענדליכע גע־שעפטען פשוט אין מיטען העלען טאג.

דער הויפט־טאן איז אבער געגעבען געווארען פון דיא דורכפאהרענדע אפיצערען. צי אויף אורלויב, צי צוריק צום שלאכט, איז זיי אלעמען אלץ אויסגעקומען דורכצופאהרען דורך דיעזער שטאדט און דא פערזוכען ־דעם טעם פון דעם ערשטען אדער לעצטען טאג פרייהייט. א חוץ דעם: וואס מען האט נאר בעדארפט האבען אויפ'ן שלאכטפעלד — טשוועקעס פאר פאדקאוועס, זייף פאר זאטלען, סאניטארע געצייג, אדער פלעשלעך ביער — האט מען עס געקענט אם שנעלסטען, אם בעקוועמליכסטען קויפען אין דיעזער קליינער ..גרויסער שטאדט". עפעס אזוי א מענש, ניט אזא גליקלי־כער, ניט קיין בעליעבטער ביי דיא הויכע מיליטערישע בע־אמטע, האט געקראגען בלויז א שבח פאר זיין העלדישקייט, און געקאנטשעט אז עסק מיט איהם. אבער דער, וואס האט געקראגען חן אין דיא אויגען פון זיין קאמאנדיר, פלעגט גע־שיקט ווערען אהער אויפצוקויפען זאכען פאר דער ארמיי. און ס'האבען זיך באלד ארויסגעוויזען מערקווירדיגע פעהיג־קייטען צו ענטדעקען נייע גויטווענדיקייטען. און א געהיימע רעכענונגס־פערוואנדשאפט האט, אהן צווייפעל, עקזיסטירט צווישען דעם צאהל ארטיקלען, וואס א דיוויזיע האט געזאלט פערברויכען, און דיא שטרעקע, וויא וויט זיא איז געוועזען פון דיעזער פראוויאנט־סטאנציע: וואס ווייטער, אלץ מעהר בע־שטעלונגען האט מען פאר איהר אנגעגעבען.

ס'פערשטעהט זיך. דער פערגעניגען פון דעם אראפקור־מענדען איינקויפער האט ניט לאנג געדויערט. ס'איז אין

גאנצען געוועזען צייט בלויז פאר א הייסע וואנע. צו בעווייזען זיך א מאל אדער צוויי מיט'ן פריש־אויסגעפרעסטען שינעל אויף דער הויפט־גאס. אבעסען א פאאר מאל ביי א טיש מיט א טישטוך, און פארברענגען א נאכט אין א בעקוועמע ווייכע בעט, מיט אדער אהן ליעבעס־לאסקעס — און גלייך נאכדעם. א דערשלאגענער, אן אויפגערעגטער, צוריק צום ווילד־אנגעפאקטען וואקזאל, צוריק צום שלאכטפעלד, אין דער נאסער טראנשעע אדער אין דער פעסטונגס־הויז, אן אנגעבאקטע פון דער ברענענדער זונן.

דיא תשוקה צום לעבען ביי דיעזע יונגע אפיצערען. וואס האבען אומגעשפאצירט איבער די גאסען מיט זשעדנע אויגען און האסטיג־שטראמענדען בלוט אין זייערע אדערען, האט וויא אנגעשטעקט די גאנצע אומעטיגע, נודנע שטעדטעל. זיא האט גערוישט, געהוזשעט, זיך משמח געווען לייכטזיננינג; זיא האט זיך ניט געקענט אנזעטיגען מיט סענסאציעס. ווארים זיא האט זיך איצט געפונען אין דעם מיטעל־פונקט פון דיא ריעזיגע וועלט־טהעטיגקייטען און האט טאקע איצט געהאט צו באריהמען זיך מיט ווירקליכע פאסירונגען.

א געדיכט־געפאקטער עולם האט זיך אין דעם געוועהנליכען וואכען־טאג געשטופט פארביי דיא מוזיק, יום־טוב'דיג געקליידט און אין א יום־טוב'דיגער שטימונג, לעבהאפט בעוועגענדיג זיך צום קלאנג פון דעם וואלטץ „בלויער דונאי“. וועלכען דער ארקעסטער האט הינרייסענד־געשמאק געשפיעלט, מיט'ן גערויש פון א פייקעל און דעם בריאזג פון צימבלען. דיא גאנצע בילד האט מיט זיך דערמאנט דיא פאסירונגען אהינטער דיא סצענעס אין א ריעזיגען טהעאטער אין דער צייט פון א פארשטעלונג פון א טראגעדיע מיט א באר און סצענעס פון א המון. מען האט דא גאר נישט געהערט און גאר ניט געזעהען פון דער פייערדיגער פארשטעלונג, וואס ווערט אין דער זעלבער צייט אבגעשפיעלט אויפן שלאכטפעלד. דיא פנים'ער פון דיא אקטיארען זיינען דא מילדער געווארען. די געזיכטסציגע ניט אזוי אנגעשטרענגט.

זיי האבען דא אבגערוהט, אדער מיט'ן גאנצען הארצען זיך אריינגעווארפען אין דעם פרעהליכען טומעל, שטארק צופריעדענע צו פארגעסען וויא אזוי דיא טראגעדיע געהט דארט אויפ'ן שלאכטפעלד ווייטער צו; אט טאקע פונקט ווי פראפעסיאנעלע אקטיארען ווערען אהינטער דיא סצענעס פשוטע מענשען, אהן קונצען, אוןווארטען ביז מ'וועט זיי ווידער רופען אויף דער ביהנע.

זיצענדיג דא אין שאטען פון דיא אלטע בוימער, ביי קאווע און ציגארען, בעקוועם צוקוקענדיג זיך צו דיא פאסי־רונגען, האט זיך טאקע געקענט אויסדוכטען, אז דיא דראמע, וואס געשעהט איצט אויפ'ן שלאכטפעלד, איז ניט מעהר וויא א לוסטיגע פארשטעלונג, א שפיעל. פון דיעזען שטאנדפונקט האט דיא גאנצע מלחמה אויסגעזעהען וויא א שטראם, וואס ברענגט לעבען, ארקעסטערס מוזיק, רייכטהום און פרייד פאר'ן פאלק, און ווערט אנגעפיהרט פון ארומשפאצירענדע אפיצערען און וואזשנע גענעראלען. קיין זכר פון דיא בלו־טיגע שוידערהאפטען פון דער מלחמה, קיין קראכען פון דער ארטילעריע הערט איהר ניט, קיינע פערוואונדעטע סאלדאטען ברייננען אריין זייער אומגליק און פיין צו פעראומערן, ווי מיט א פאלשען קלאנג, די אלגעמיינע פרעהליכקייט און לוס־טיגקייט.

ניט אלע מאל, פערשטעהט זיך, איז אזוי געוועז. אין דיא ערשטע טעג, ווען אט דער טעגליכער קאנצערט האט נאך געהאט דעם פראכט פון פרישקייט און נייקייט, האבען מאססען סאלדאטען, לייכט־פערוואונדעטע און וואס האבען געהאלטען אין ערהאלען זיך, זיך געשאטען פון אלע האספי־טעלער ארום אין דעם געגענד און אנגעפילט דעם מארק. דאס האט אבער געדויערט בלויז צוויי טעג. זיין עקסעללענץ האט אויפגעפאדערט דעם הויפט ארמיי־דאקטאר, וועלכער איז פאר איהם געשטאנען און געציטערט ווי א צושראקענער פארברעכער, און האט איהם ערקלעהרט, אז דיא פערוואונ־דעטע און קאליקעס מאכען א שלעכטען איינדרוק אויפ'ן עולם. האט זיין עקסעלענץ, אלזא, אויסגעדריקט דעם

וואונש אז אלע וואס טראגען באנדאזשען, אדער צוקאליע־טשעטע, און אלע, וואס מאכען אז אומעטיגען איינדרוק און פערקלענערען דיא אלגעמיינע מלחמה־בעגייסטערונג, זאלען פון איצט אן פערבלייבען אין דיא האספיטעלער.

זיין וואונש איז, פערשטעהט זיך, ערפיללט געווארען. קיין אונאנגענעהמערע בילד האט שוין מעהר ניט צושטערט זיין פערגעניגען ווען ער פלעגט זיצען מיט'ן האוואנא ציגאר צווישען דיא ציינער און צוקוקען אויף דער לאנגער רייהע פון זייערע אונטערטהעניגע, וואס האבען זיך געצויגען פארביי אויפ'ן גאס. ווער ס'פלעגט נאר פארבייגעהן פלעגט מיט דרך־ארץ, מיט עהרפורכט ווארפען א בליק אויף דעם אלל־מעכטיגען אנפיהרער פון שלאכטען, וועלכער איז זיך דא געזעסען, וויא א געוועהנליכער מענשעל, און געזופט קאווע. כאטש אין דער ווירקליכקייט איז עס דער בעריהמטער גענע־ראל נ.. דער אונבעגרענעצטער הארר איבער הונדערטע טוי־זענדע מענשליכע לעבענס, דער מאן, וועמען די צייטונגען האבען האלט געהאט צו רופען „דער זיעגער פון . . .“ ס'איז ניט געווען קיין מענש אין שטאדט, וועמענס שיקזאל ער האט ניט געקענט אומבייטען מיט איין שטרייך פון זיין פען. ס'איז ניט געווען קיין זאך, וואס ער האט ניט געקענט ער־הויבען אדער פערניכטען, וויא איהם האט נאר געפאסט. פערדיענען זיין פריינדשאפט, זיך איינקויפען ביי איהם אין לאסקע, האט געהייסען צו קריגען בעשטעלונגען אויף סחורות פאר דער ארמיי, רייך ווערען, אדער ערהויבען ווערען צו א העכערען ראנג. זיין אין אום־חן ביי איהם האט געהייסען זעהר ניט קיין גוטער אויסזיכט, אדער א בעפעהל צו מאר־שירען מיט'ן וועג, וואס פיהרט צו א זיכערען טוידט.

אנגעשפארט בעקוועם אהינטער אין דעם גרויסען גע־פלאכטענעם שטוהל, א שטוהל וועלכען איז מסתמא בעשערט אמאל צו ווערען אן אינטערעסאנטע היסטארישע זאך, איז דער מעכטיגער געזעסען און לוסטיג געשפאסט מיט זיין פרוי און זיין אדיוטאנט. ער האט אנגעוויזען אויפ'ן גאס, וואו דער עולם האט אין דעם לויכטענדען

זונען־שיין געשטראַמט. און ער האָט געזאָגט מיט אַ מין צו־פריעדענעם, טריאומפירענדען פרייד אין זיין קול:

„זעהט נאָר! כ'וואָלט געוואָלט דיעזע בילד ווייזען אונ־זערע פּאַסיפיסטען, וועלכע האַלטען אין טענה'ן, אַז מלחמה איז ניט מעהר ווי אַן אבשייליכע בלוט־באָד. איהר האָט בעדאַרפט זעהען אַט דיא לאַד אין צייט פון פריעדען: מען האָט דאָ געקענט אנשלאָפען ווערען. און איצט, — דער משרת אויפ'ן ראַג פערדיענט דאָך מעהר וויא דער גרעסטער סוחר פלעגט דאָ פערדיענען פאַר דער מלחמה. און דיא יונגע חברה־לייט, וואָס קומען צוריק פון שלאַכטפעלד? האָט איהר געזעהען וויא געזונט און פרעהליך זיי זיינען? דיא פּנים'ער זיינען ביי זיי פערברענט פון זונען! דאָס רוב זיינען זיי פריער געווען אנגעשטעלטע אין קאַנטאָרען. זיי האָבען ניט אבגעהיט דעם געזונד, געווען שטענדיג צערשטרייט און האָבען אויסגעזעהען שוואַך, צוקראַכען. אויף מיין וואָרט, דיא וועלט איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי געזונט וויא איצט. ווען איהר גיט אַבער אַ קוק אין דיא צייטונגען, לעזט איהר נאָר וועגען אַ וועלט־אונגליק. וועגען אייראָפּאַ אַ פערטרונקענע אין בלוט, און נאָר אַ סך אַזעלכע זאַכען".

ער האָט אויפגעהויבען זיינע געדיכטע ווייסע ברעמען ביז'ן מיטען פון זיין קיילעכדיג־בולט'ען שטערען, און זיינע קליינע דורכשטעכענדע שוואַרצע אויגען האָבען אויפמערק־זאַם זיך דורכגעטראָגען איבער דיא פּנים'ער פון דיא אנוועזענדע.

זיין עקסעלענצ'ס ווערטער זיינען געווען אַן אנדרייטונג פאַר דיא איבריגע, און ס'איז גלייך אויפגעכאַפּט געוואָרען. ביי יעדען טיש איז לעבעדיגער געוואָרען דער געשפּרעך: מ'האָט גענומען איבערדערצעהלען און אויסרעכענען דיא גליקען פון דער מלחמה, און מ'האָט זיך גענומען וויצלען אויפ'ן חשבון פון דיא פּאַסיפיסטען. ס'איז ניט געווען קיין איינער צווישען דיא אַלע פערזאַמעלטע דאָ, וואָס ס'האָט ניט געהאַט זעהר פיעל צו פערדאַנקען דיא מלחמה פאַר אַם וועניגסטענס צוויי זאַכען — פאַר פינאַנציעלע אונאַב־

העגגינקייט און אזא רייכען לעבען אויף א ברייטע פוס, וואס בלויז דיא גרויסע געלט־מאגנאטען האבען זיך עס ערלויבט אין פרידליכע צייטען. פאר דיעזען קרייז מענשען איז דיא מלחמה געווען א מין סאנטא־קלאוז*) מיט א זאק וואונדער־בארע מתנות אויף'ן פלייצע און גלענצענדע קאריערען מיט טשינען אין האנד. ס'פערשטעהט זיך, דא און דארט האט מען געקענט זעהן א הערר מיט א טרויער־בענדעל אויף'ן ארבעל, נאך א ברודער אדער א שוואגער, וועלכער אלס אפי־צער האט גראד געזעהן דעם צווייטען פנים פון דער מלחמה, דעם פנים פון טוידט. אבער דיעזער פנים איז געווען אזוי וויים פון דאנען, איבער זעכציג מייל מיט דער קירצסטער וועג, און זיך דורכפאהרען אמאל אהין איז געווען אן אויפרע־גענדער שמיקעל פערגניגען, א קיצעל פאר דיא נערווען. אין איין שטונדע צייט האט דער אטאמאביל צוריקגעבראכט אהער, וואו מ'האט זיך געפיהלט זיכער, מ'האט גענומען א וואנע און ווידער מיט גדלות ארומגעשפאצירט איבער דיא געפלאסטערטע גאסען. טא פאר וואס זאלען זיי ניט זינגען א לויב געזאנג צו זיין עקסעלענץ?

דער מעכטיגער מאן האט א צופריעדענער נאר א ווייל'ע זיך צוגעהערט צו דעם מיש־מאש פון שטימען, וואס האט זיך אויפגעהויבען פון דעם, וואס ער האט געזאגט, און דאן איז ער ווידער ביסלעכווייז אריינגעזונקען אין מחשבות, און ערנסט געקוקט פאראויס. ער האט געזעהן וויא דיא זונן־שטראהלען דרינגען קוים דורך, וויא צושפאלטענע, דורך דיא צווייגען. דיק בעדעקטע מיט בלעטער, און שימערען אויף דיא מעדאלען און שטערען, וואס העגגען אין דריי רייהען איינע לעבען דיא אנדערע אויף דער לינקער זייט פון זיין ברוסט. דאס איז געווען א פראכטפאלע פאלקאמענע קאלעקציע פון אלערליי זארטען מעדאלען און בעפוצונגען, מיט וועלכע דיא הערשער פון פיער גרויסע מדינות האבען געקענט בעלאהנען א מאן פאר זיין העלדענטהום, פאר זיין פערראכט צום טויט, און הויכע פערדיענסטען. דער ז י ע ג ע ר פ ו ן... האט אלעם גע־

*) א מין אליהו הנביא, א גוטער מלאך, וואס ברענגט קריסטמאס גוטע זאכען פאר קינדער.

האט, ער האט שוין מעהר ניט געהאט, וואס צו ווינשען זיך. און בלויז עלף קורצע מאנאטען פון מלחמה האבען עם געבראכט און אוועקגעלעגט ביי זיינע פיס. דאס איז געווען דיא שניט פון בלויז איין יאהר מלחמה. ניין און דרייסיג יאהר פון זיין לעבען זיינען ביז אהער אוועק אין אומעטיגער איינטאנניגער נודנער דיענסט, אין אן אונאויפהערליכען קאמפף מיט די טרויעריגע טאג־טעגליכע דחקות און זארג. ער איז אויסגעמאטערט געווארען פון דיא נויטה און קארגעניש פון א קליינליכען בעלי בית'ישען לעבען, וויא אן אביון. וואס שעמט זיך מיט זיין ארימקייט, און סמארעט זיך צו פערבעהאלטען, פארדעקען דיא לאך אין דיא קליידער, און דאס לאך קריכט דאך אלע ווײלע ארויס און בעווייזט זיך. ניין און דרייסיג יאהר האט ער מיט אלע כוחות געפיהרט אן איינגעהאלטענעם זארט לעבען. א סך גאלד איז געווען אויף זיין שינעל, אבער זעהר וועניג אין זיין קעשענע. דעם אמת זאגענדיג, האט ער זיך שוין געגרייט אין גאנצען ארויסצוגעהן פון דיענסט. איהם איז שוין נמאס געווארען דער קליינליכער פערגניגען צו טיראניזירען דיא יונגע אפיצערען אויף'ן מושטיר־פעלד.

אבער דאן האט דער נס פלוצלונג געטראפען! דיא מלחמה! און איין נאכט האט דער פערכמורעטער ווארטשענדער ניט־בעוואוסטער אלטער גענעראל זיך פערוואנדעלט אין א מין נאציאנאלען העלד, אין אן אייראפעאישע בעריהמטהייט. ער איז געווארען „דער זיעגער פון — !"

פונקט וויא אין א לעגענדע, א בבא־מעשה, ווען דער גוטער מלאך ערשיינט און בעפרייט דעם פער'כשוף'טען פרינץ פון זיין העסליכער מאסקע, און ער בעווייזט זיך א שטראהלענדער, א גליקליכער, ארומגערינגעלט פון ריטער און לאקעיען, און טרעט אריין אין זיין פרעכטיגען פאלאץ.

דער נס האט, פערשטעהט זיך, ניט געבראכט דעם גענעראל דעם פייער פון יוגענד. אבער ס'האט אריינגעטהאן א פלינקייט, א בויגיגקייט אין זיינע גליעדער. דער יאהר, פולל מיט געשעהענישען, האט איהם אויפגעטשוכעט. און דיא

בלוט אין זיינע אדערען האט געשלאגען מיט לעבענס־פרייד, מיט'ן חשק און ענערגיע פון א מאן אין דיא יונגע יאהרען. פונקט וויא א קיסר איז ער דארט געזעסען אין שאטען פון דיא נידריגע בוימער: אויף זיין ברוסט האט געפינקעלט דער גרויסער אוצר, וואס ער האט פלוצלונג געפונען, און דיא גאנצע שטאדט איז געלעגען אונטער זיינע פיס. טאקע א פערווירקליכטע צויבער־מעשה! ס'האט גאר נישט, קיין איין זאך ניט געפעהלט.

פון פארענט לעבען קאפע־הויז, בעוואכט פון צוויי גע־זונטע קאפראלנע, איז געשטאנען דיא גרויסע גראהע „חיה", מיט א לונגען־קראפט פון א הונדערט פערד, און האט געווארט מ'זאל עם אנדרעהען אום אפצופיהרען דעם האר צו זיין פא־לאץ אויף'ן הויכען בארג אהינטער'ן שטאדט. ניט לאנג צו־ריק פלעגט ער נעהמען דעם טראמוויי צו פאהרען צו זיין היים, א וואהנונג פון פינף צימערלאך, וויא ס'האט זיך גע־פאסט פאר איהם, לויט דיא פאזיציע, וואס ער האט פער־נומען מיט דיא געוועהנליכע גענעראל־פאסען אויף זיינע הויזען.

יאהרהונדערטע לאנג האט מען דעם פאלאץ געבויט. לאנגע דורות האבען פארשוועגדעט זייערע פעהיגקייטען און קונסט, דיא בעסטע, דיא ערהאבענסטע קרעפטען אוועק־געגעבען אנצופיללען מיט דיא גרעסטע, דיא טהייערסטע אוצרות דעם פאלאץ, וואס זיין עקסעלענץ, דער הויפט־קא־מאנדיר פון דער ———טער ארמעע, האט איהם גאר זיך צוגענומען. דיא זונן און דיא צייט האבען פארפאלקאמט דעם גלאנץ פון דעם אנגעקליעבענעם פערמעגען ביז עס האט, וויא דורך אן איידעלען פארהאנג, געשיינט וויא א פרעכטיג־אויסגעארבייטע הערליכקייט. אירגענד וועלכער מאן, וואס איז געוועזען בעל הבית אין דיעזער הויז, וואס איז געגאנגען אויף דיעזע ברייטע טרעפ און האט געקאמאנדעוועט, געגעבען בעפעהלע אין דיעזע אריסטאקראטישע צימערען, האט נויטה־וועגדיגערווייזע זיך געמוזט פיהלען וויא א קעניג און האט אנדערש ניט געקענט קוקען אויף דער מלחמה וויא אויף א וואונדערבארען גלאררייכען חלום.

און אין דער אמת'ען, וועלכע קעניגליכע הויז האָט ווען
צוגעזעהן אזא נס? אין קיך האָט זיך געפונען דער מייסטער
פון קאָך־קונסט, דער אויבער־קוכער פון דעם בעסטען האָטעל
אין לאַנד, וועלכער וואָלט זיך אין אַנדערע אומשטענדען קיינ־
מאָל ניט בענוגענט מיט צוויי מאָל אזוי פיעל געהאַלט, וויא
אַ גענעראל. איצט נעהמט ער בלויז אַ דאָלאַר אַ טאָג, און
מאַטערט זיך מיט אַלע כוחות וואָס בעסער אויסצוגעהמען.
ער האָט קיינמאָל אזוי ניט געזוכט צו אונגאַדיען דעם געשמאַק
פון זיין העררן. דיא בראָטען, וואָס ער האָט צו[illegible]רטיגט,
איז געווען דיא בעסטע ,געשמאַקסטע שטיקעל פ[illegible]ש, וואָס
מ'האָט נאָר געקענט אויסקלייבען פון צווישען די צוויי הונ־
דערט אָקסען, וועלכע האָבען טעגליך אוועקגעגעבען זייער
לעבען פאַר'ן פאַטערלאַנד. דיא לייטע, וואָס האָבען דעם
בראָטען סערווירט אויף זילבערנע טעלער, אויסגעאַרבייט
פון בענוועגוטאַ'ס תלמידים פאַר דיא אָבות פון דיעזער הויז,
זיינען געווען גענעראַלען אין זייער פאַך און פלעגען זיך נעה־
הען קליידער אין לאָנדאָן. איצט אָבער זיינען זיי געשטאַנען
און געציטערט פאַר יעדע מינע פון זיין העררן.

און אַט די גאַנצע סוויטע, די בעדינער און דינסטען ווי ביי
אַ קעניג, האָבען אַלע געאַרבייט אַטאָמאַטיש, קיינער האָט
זיי כמעט ניט בעדאַרפט הייסען, און אָהן שום געצאָהלט. דער
העררר, פאַר וועמען יעדער איינער האָט געשקלאַפט, האָט
אפילו קיין איין מאָל ניט געהאַט די אונאַנגענעהמע שטיקעל
אַרבייט אַריינצולעגען דיא האַנד אין קעשענע אויף אַרויסצו־
נעהמען דעם טייסטער מיט דיא געלד. דיא געזאַלין האָט אונ־
אויפהערליך געשטורעמט דורך דיא אָדערען פון דיא דריי
אַטאָמאָבילס, וואָס זיינען טאָג און נאַכט געשטאַנען אויף'ן
מירמעלשטיין־געפלאַסטערטען הויף. וויא דורך אַ כשוף איז
אַריינגעקומען אַלץ, וואָס דיא אויג און דער מויל האָט גע־
גלוסט.

קיין בעדיענער האָט ניט געבעטען קיין געצאָהלט. אַלץ
איז געטהאָן געוואָרען וויא פון זיך אַליין, אַט טאַקע וויא אין
אַ פער'כשוף'טען שלאָס, וואָס מ'דאַרף זיך נאָר ווינשען עפּעס
און מ'קריעגט עס גלייך.

אבער דאס איז נאך ניט אלעס. ס'איז ניט געווען דער גאנצער וואונדער, דער גאנצער נס, דאס וואס יעדען טאג פלעגען ווערען די טישען געגרייט און דיא שפייכלערס אנגעפיללט מיט דיא בעסטע שפייזען, ווען ס'פלעגט קומען דער ערשטער טאג פון מאנאט, פלעגען אסיגנאציעס אנשטאט וועקסלען קומען צופליהען אין הויף.

קיין זארג, קיינע רעכנונגען, קיין קארגען און דריקען זיך. מיט אן אומעטיג-גלייכגילטיגע מינע פלעגט מען זיך אנשטאפען דיא קעשענעס מיט אסיגנאציעס, וועלכע זיינען אייגענטליך געווען א גאנץ איבריגע זאך אין דיעזען גן עדן פאר פוילענצער, וואס דיא מלחמה האט אויפגעעפענט פאר איהרע דיענער.

בלויז איין איינציג וואלקען פלעגט זיך אמאל בעווייזען אויפ'ן לויכטענדען הימעל פון דיעזען צויבער-לאנד און ווארפען א שאטען אויפ'ן שטערען פון זיין עקסעלענץ. זיין אמתע פרייד פלעגט אמאל געשטערט ווערען פון דעם גע־דאנק, טאמער ווערט דיעזער כשוף צוטריעבען פון דער ווירק־ליכקייט, און ער כאפט זיך אויף פון דעם פרעכטיגען חלום. ניט פאר פריעדען האט זיין עקסעלענץ מורא געהאט. ער האט קיינמאל ניט געטראכט אפילו פון שלום. אן אנדער זאך האט איהם געוואפעט: וויא איז, אז אט דיא גאנצע וואנט, וואס איז קינסטליך אויסגעבויט פון מענשליבע קער־פערס, וועט אמאל נעהמען וואקלען? וויא איז, אז דער שונא זאל אריינדרינגען אין אלע בעפעסטיגונגען און דיא דיסציפלין וועט פערשווינדען, און אויף אלע סאלדאטען וועט אנפאלען א שרעק, ווען דיא מעכטיגע וואנט וועט צופאלען ווערען אין שטיקלאך. אין בעזונדערע איינצעלנע מענשען, וועלכע וועלען נעהמען פליהען וויא ווילדע אין אלע זייטען, וואו דיא אויגען וועלען זיי טראגען, אום צו רעטען זיך דאס לעבען?

דער זיעגער פון..., דער אלמעכטיגער קעניג פון צויבער־לאנד, וואלט דאן ווידער ארונטערגעפאלען צו זיין אלטען טרויעריגען פלאץ. ער וואלט דאן געמוזט אויטלעבען זיינע ביטעל יאהרען אין א ווינקעל ערגעץ, זיך האלטען מיט דיא

מעדאלען און נאגראדען אין א פשוט'ען ווארטונג, אין זיך בענוגענען, ווי אנדערע ענטלאסענע אפיציערען, מיט דער ראלע פון א קאפעדהויז קעניג. ווען ער זאל כאפען איין מפלה נאר, וועט דיא וועלט גלייך פארליערען דיא בעגייסטערונג פאר איהם. אן אנדער גענעראל וועט אריין אין זאטעל, אן אנדער הערשער וועט זיך טראגען אין אטאמאביל איבער'ן שטאדט, בעגלייט פון דער גאנצער סווימע דיענער, יואס וועלען זיך מיט עהרפורכט קניען פאר איהם. און דער אלטער וואלט שוין געוועזן ניט מעהר וויא א פערגאנגענע זאך, א פודעלע, וועלכע דיא פויגלען האבען שוין אויסגעפונען, און יעדער ווארעבעימשיקעל זעצט זיך שוין אויף איהם און בעשמוצט איהם.

דעם גענעראל'ס קליינע דיקע האנד האט זיך ניט ווילענדיג פארטשעמעט אין א קולאק, און אויף זיין גרויסען שטערן האט זיך א רונע בעוויזען א פירכטערליכער קנייטש. דער „שטורם־סיגנאל", פאר וועלכען זיינע סאלדאטען, אזוי גוט וויא דער שונא, האבען אזוי געציטערט. באלד אבער איז זיין געזיכט ווידער קלאהר געווארען, און זיין עקסעלענץ האט זיך שטאלץ ארומגעקוקט.

ניין! דער זיעגער פון — האט ניט מורא געהאט. זיין וואנט מענשען איז געשטאנען פעסט און האט זיך ניט א בויג געטאהן. דריי מאנאטען נאכאנאנד האבען דיא פארשער געבראכט ידיעות, אז דער שונא גרייט זיך צו ריעזיגע אטאקעס. דריי מאנאטען אז זיי האלטען אין זאמלען אמוניציע און חיל פאר דעם גוואלדאוונעם אנגריף. און ענדליך ביינאכט האט זיך דער אנגריף אנגעפאנגען. דער גענעראל האט געוואוסט, אז דער עולם, וואס שפאציערט זיך דא אזוי פרעהליך אויפ'ן זונן, וועט ביז מארגען פריה ניט לעזען אין דיא צייטונגען, אז א פירכטערליכע שלאכט בושעוועט שוין פאר דיא לעצטע צוואנציג שטונדען, און אז קוים זעכציג מייל פון דיעזען שפאציר־פלאץ פלאצען באמבעס איינע נאך דיא אנדערע אהן אויפהער, און א גוס־רעגען פון צושמאלצענעם אייזען שטראמט ארונטער אויף זיינע

סאלדאטען. ס'איז בעריכטעט געווארען. אז דריי אינפאנטעריע אטאקעס זיינען שוין צוריקגעשטויסען געווארען. און איצט האלט דיא ארטיללעריע אין באמבארדירען מיט א וואהנזיננינען צארן. — א הקדמה צו ווייטערע אטאקעס אויף ביינאכט.

נו, זאלען זיי קומען!

זיין עקסעללענץ האט זיך האסטיג א הויב געטאהן. און אין דער צייט, וואס זיינע פינגער האבען צוגעקלאפט צום טאקט פון דעם „בלויען דונאי", האט זיך אן אנגעשטרענגטער אויסדרוק בעוויזען אויף זיין געזיכט, אזוי וויא ער וואלט געקענט הערען דעם שרעקליכען קראכען. וואס בושעוועט וויא א פירכטערליכער שטורם־ווינד אויפ'ן שלאכטפעלד. ער האט אלע צופערטיגונגען געמאכט: דער רעזערוואר מענשען איז אנגעפיללט. אז ס'גיסט זיך שוין אריבער דיא ברעגען. און אהינטער דיא שלאכט־ליניען זיינען געלעגען אנגעגרייט צוויי הונדערט טויזענד שטארקע יונגע לייט פון דעם ריכטיגען עלטער, אום א שליידער צו טהאן זיי אנטקעגען דעם שונא'ס שלאכט־מאשין און אפסטאפען זיא אין א בלאטע פון בלוט און ביינער. זאלען זיי נאר קומען! וואס מעהר, אלץ פרעהליכער! דער זיעגער פון —— איז גרייט צוצוגעבען נאך א צווייג צו זיין לארבער־קראנץ, און זיינע אויגען האבען געפינקעלט וויא דיא מעדאלען אויף זיין ברוסט.

זיין אדיוטאנט איז אויפגעשטאנען פון דעם טישעל, וואס איז געווען לעבען זיינעם, איז לאנגזאם, אונענטשלאסען צוגעגאנגען, און האט אריינגעשושקעט עטליכע ווערטער זיין עקסעלענץ אין אויער אריין.

דער גרויסער מאן האט א דרעה געטהאן מיט'ן קאפ. הייסענדיג דעם אדיוטאנט אפטרעטען.

„דאס איז א וויכטיגע אויסלענדישע צייטונג, אייער עקסעלענץ". האט דער אדיוטאנט זיך געבעטען; און ווען דער קאמאנדיר האט איהם נאך אלץ געטריעבען פון זיך. האט ער מיט א בעדייטענדע מינע א זאג געטהאן: „דער

הערר האט געבראכט א רעקאמענדאציאנס־בריעף פון דער הויפט־קווארטיר, אייער עקסעלענץ".

איז שוין דער גענעראל בעסער געווארען. מיט א זיפץ האט ער זיך אויפגעהויבען און האלב אין שפאס, האלב מיט פערדרוס, האט ער א זאג געטהאן צו דער דאמע לעבען איהם:

„דעם שונא'ס שיסערייע וואלט מיר שוין ליעבער געווען"

און איז אוועק נאך זיין אדיוטאנט און האט פרעהליך דערלאנגט דיא האנד דעם פליכטוואטען ציווילען מאן, וואס האט זיך שנעל א הויב געטהאן פון פלאץ און זיך פערנייגט ביז אין גארטעל אריין, אויסזעהענדיג דערביי וויא א האלב אויפגעעפענטער מעסערעל. זיין עקסעלענץ האט איהם איינגעלאדען זיצען.

דער קריעגס־קאררעספאנדענט האט ארויסגעשטאמעלט עטליכע לויב־ווערטער, און אויפגעעפענט זיין נאטיץ־ביכעל, האלטענדיג גרייט אויף דיא ליפען א לאנגע רייהע פראגען. אבער זיין עקסעלענץ האט איהם ניט געלאזען ריידען. ער האט מיט דער צייט אויסגעארבייט א רעדע אט פאר אזעלכע פעלע; אין דער רעדע איז יעדער טהייל, יעדער פונקט געווען גוט בעטראכט און ס'האט געמאכט אן איינפאכען איינדרוק. האט ער זיא איצט געהאלטען, ריידענדיג מיט קראפט און אבשטעלענדיג זיך א פאאר מאל צו דערמאנען זיך וויא דיא רעדע געהט ווייטער.

פון אנפאנג האט ער גערעדט פון זיינע בראווע סאלדאטען ,האט זיי געלויבט וויא מוטהיג זיי זיינען, וויא זיי פעראכטען דעם טוידט, און וואס פאר א מערקווירדיגע העלדענטהאטען זיי ווייזען ארויס. דאן האט ער אויסגעדריקט זיין בעדויערען וואס ס'איז אונמעגליך צו בעלאהנען יעדען סאלדאט לויט זיינע פערדינעסטען. און אויף א העכערען קול האט ער גענומען בעטען, מתפלל זיין, אז זיין פאטערלאנד זאל ארויסווייזען מעהר דאנקבארקייט פאר אזא טרייהייט און זעלבסט־אויפאפפערונג. אנווייזענדיג אויף דיא פיעלע מעדאלען אויף זיין ברוסט, האט ער ערקלעהרט, אז דיא נאגראדעס, וואס ער האט בעקומען, זיינען גאר אין דער אמת'ען אז עהרע פאר זיינע סאלדאטען. ענדליך האט ער

אריינגעפלאכטען א פאאר גוט־צוגעפאסטע בעמערקונגען מיט קאמפלימענטען וועגען דעם שונא'ס פעהיגקייטען צו קעמפפען און אנפיהרען דיא מלחמה, און האט געשלאסען זיין רעדע מיט דער ערקלעהרונג, אז ער גלויבט פעסט אין דעם ענדליכען זיעג.

דער צייטונגס־מאן האט זיך מיט דרך ארץ צוגעהערט און פון צייט צו צייט פערצייכענט עפּעס אין ביכעלע. דיא הויפט־זאך, פערשטעהט זיך, האט מען בעדארפט בעמערקען דעם גרויסען מאן'ס אויסזעהן, וויא אזוי ער רעדט; זיינע מינעס און העויות, און בעשרייבען זיין פערזענליכקייט אין עטליכע קורצע און כאראקטעריסטיש־שלאגענדע זאצען.

זיין עקסעלענץ האט יעצט ארונטערגעווארפען פון זיך דיא מיליטערישע ראלע און פון דעם „זיעגער פון ———" איז געווארען א ווערטליכער מענש.

„איהר פאהרט איצט צום שלאכטפעלד?" האט ער איהם מיט א העפליכען שמייכעל געפרעגט, און אויף דעם קארעס־פאנדענט'ס בעגייסטערטען ענטפער „יא", האט ער מיט אן אומעטיגען טיעפען זיפץ געזאגט:

„ווי גליקליך איהר זייט! איך בין אייך מקנא. איהר זעהט, די טראגעדיע פון א היינטיגען גענע־ראל איז וואס ער קען אליין ניט פיהרען זיינע סאלדאטען אין געשלעג. ער פערברענגט דעם גאנצען לעבען זיינעם אין צופערטיגען זיך צו מלחמה, ער איז א סאלדאט מיט ליב און לעבען, און דאך פערזוכט ער בלויז פון ווייטען דעם טעם פון אויפרעגען זיך און צוהיצען זיך פון א שלאכט".

דער קארעספאנדענט האט זיך דערפרעהט פון דיזער כאראקטעריסטישער ערקלעהרונג, וואס איהם איז געלונגען ארויסצוקריעגען: איצט וועט ער קענען ארויסשטעלען דעם קאמאנדיר אין דער סימפאטישער ראלע פון איינעם, וואס בעדויערט, וואס ער קען ניט אלע מאל ארויסווייזען זיין העל־דישקייט וויא איהם וואלט זיך געוואלט. ער האט זיך א ווײלע איינגעבויגען איבער זיין נאטיץ־ביכעל. ווען ער האט צוריק אויפגעהויבען דיא אויגען, האט ער צו זיין ערשטוינונג

דערזעהן, אז זיין עקסעלענץ׳ם געזיכט האט זיך אין גאנצען געענדערט: זיין שטערן איז געווען צוקנייטשט, דיא אויגען ברייט אפען און האבען אנגסטליך געקוקט אויף עפעס אהינ־טער דעם קאררעספאנדענט.

דער קאררעספאנדענט האט זיך אומגעדרעהט און דער־זעהן א בלאסען אויסגעמאגערטען אינפאנטעריע־קאפיטאן, געהענדיג גלייך צו זיין עקסעלענץ. ער האט געשטשירעט די צייהן, און די פים האבען זיך ביי איהם עפעס מאדנע גע־שלעפט. ער איז צוגעקומען נעהענטער, האט אנגעקוקט מיט זיינע אויגען, וואס האבען אויסגעזעהן וויא גלעזערנע, פאר־גלאצטע, און האט געלאכט עפעס אזוי העסליך נאריש. דער אדיוטאנט האט זיך א דערשראקענער א הויב געטהאן פון פלאץ. דיא אדערען אויף זיין עקסעלענץ׳ם שטערען האבען זיך אנגעצויגען וויא שטריק. דער קאררעספאנדענט האט דערפיהלט, אז א מארד וועט דא באלד בעגאנגען ווערען, און ער איז בלאס געווארען. דער געהיימניספאלער שרעקלי־כער קאפיטאן האט זיך צוגעשלעפט און געבליעבען שטעהן א טראט פון גענעראל, געמומען אידיאטיש לאכען און האט א כאפ געטהאן דיא מעדאלען אויף זיין עקסעלענץ׳ם ברוסט, וויא א קינד כאפט א שטראהל ליכט.

„פראכטפאל — ס׳לויכט פראכטפאל“ — האט ער ארויסגעגארגעלט מיט א גראבען קול. דאן האט ער אויפ־געהויבען זיין שרעקליך דינעם ציטערענדען פינגער אין דער הויך צו דער זונן און האט א געשריי געטהאן „דיא זונן!“ דאן האט ער ווידער א כאפ געטהאן דיא מעדאלען און א זאג געטהאן „ס׳שיינט פראכטפאל!“ און זיין אונרוהיגער בליק האט דיא גאנצע צייט אומגעוואנדערט אהער און אהין, וויא ער וואלט עפעס געזוכט, און נאך יעדען ווארט האט ער אב־שייליך, בעסטיאליש א לאך געטהאן.

זיין עקסעלענץ׳ם קולאק האט זיך שוין אויפגעהויבען, אום צו דערלאנגען דעם קאפיטאן א זעץ אין ברוסט פאר אזא העזה, אבער אראפגעלאזען האט זיך דיא האנד מילד אויף דעם אידיאט׳ם אקסעל.

„איהר זייט מסתמא געקומען פון האספיטאל הערען מו־

זיק, קאפיטאן?" — האט דער גענעראל געזאגט, א וואונק טהאנדיג צום אדיוטאנט. „ס'איז צו ווייט צו שלעפען זיך מיט'ן טראמוויי צום האספיטאל. נעהמט מיין אטאמאביל. ס'איז שנעללער".

„אטא — שנעלער", איז ווי א ווידער־קול ארוים פון דעם משוגענעם צוזאמען מיט'ן פאסקודנעם געלעכ־טער. ער האט געדולדיג געלאזט זיך נעהמען ביים ארם און זיך אפפיהרען. ער האט נאכאמאל אומגעדרעהט דעם קאפ און א שצירע געטהאן דיא ציהן אויף דיא בלישצענדע מעדאלען, אבער דער אדיוטאנט האט איהם אוועקגעשלעפט.

דער גענעראל האט זיי נאכגעפאלגט מיט דיא אויגען, ביז זיי זיינען אריין אין אטאמאביל. דער „שטורם־סיגנאל" האט זיך סטראשנע בעוויעזען צווישען זיינע ברעמען. דער צארן האט אין איהם געקאכט: סטיימש, אזא נאכלעסיגקייט, צו לאזען אזא נפש אומשליאיען זיך פראנק און פריי! ער האט זיך אבער גלייך דערמאנט אן דעם ציווילען מאן, וואס געפינט זיך לעבען איהם, און ער האט זיך קאנטראלירט. ער האט א ציה געטהאן מיט דיא אקסלען און געזאגט:

„יא, דאס זיינען איינינע פון דיא טרויעריגע זייטען פון דער מלחמה. איהר זעהט, אט צוליעב אזוינע זאכען מוז דער אנפיהרער פערבלייבען אהינטער, וואו קיין זאך שוואכט ניט אפ זיין הארץ. קיין גענעראל וואלט ניט געקענט אנפיהרען א מלחמה, ווען ער וואלט געמוזט בעקוקען דעם גאנצען אונ־גליק און דיא שוידערהאפטען אויף'ן שלאכטפעלד".

„זעהר אינטערעסאנט", האט דער קארעספאנדענט דאנקבאר ארויסגעשטעמט און האט צוגעמאכט זיין ביכעל. „איך האב מורא, כ'האב שוין אוועקגענומען צופיעל פון אייער עקסעלענץ'ס קאסטבארען צייט. וועט איהר מיר אבער ערלויבען נאך איין פראגע? ווען האפט אייער עקסעלענץ ס'זאל זיין פריעדען?"

דער גענעראל האט זיך א צאפעל געטהאן, האט פער־ביסען די אונטערשטע ליפ און א קוק געטהאן אן א זייט מיט אזא בליק, אז יעדער שטאב־אפיציער אין ———— טער ארמיי

וואלט פארציטערט געווארען. ער האט זיך אבער אנגעטהאן א כח, ווי מ'האט געקענט זעהן, און ארויפגעצויגען אויף זיך א העפליכען שמייכעל און אנגעוויעזען אויפ'ן אפענעם אריינגאנג אין אלטען קלויסטער אויף'ן אנדער זייט מארק.

„די איינציגע עצה, וואס איך קען אייך געבען, איז צו געהן אהין און פרעגען אונזער פאטער אין הימעל. ער איז דער איינציגער, וואס קען אייך ענטפערען אויף דער פראגע".

זיין עקסעלענץ האט פריינדליך א נויג געטהאן מיט'ן קאפ, ווארים א דריק געטהאן איהם די האנד, און אוועקגעשפרייזט צו זיין קאנצעלאריע אויף יענעם זייט מארק, און דער עולם פון אלע זייטען האט איהם מיט גרויס דרך־ארץ בעגריסט.

ווען ער איז אריין אין הויז איז דער פירכטערליכער קגיימש אויפ'ן שטערען געווען נאך טיעפער ווי געוועהנליך. א פארציטערטער דיענשטשיק האט איהם אוועקגעפיהרט צום צימער פון דעם הויפט ארמיי־דאקטאר. דער אטהעם האט אלעמען פארכאפט אויף עטליכע מינוט צייט, ווען דעם מ ע כ ט י ג ע ן מאן'ס שטימע האט געדונערט דורך די קארידארען. ער האט געהייסען דעם אלטען דאקטאר קומען צו איהם און זיך זעצען צום ט ש, אזוי ווי ער וואלט געווען זיין סעקרעטער, און האט איהם דיקטירט אן אוקאז, אז קיין חולה אין א האספיטאל, אהן אונטערשיעד און אויסנאהמע, צי א קראנקער, א פערוואונדעטער, אדער ווער ס'זאל נים זיין, טאר ניט פארלאזען דעם האספיטאל. „ווארים — האט דער אוקאז ביים ענדע געזאגט — אויב א מענש איז קראנק, דארף ער ליגען אין בעט, און אויב ער איז גענוג געזונט צו קענען געהן אין שטאדט און זיצען אין קאפע הויז, דאן זאל ער געהן צום פראנט, ווי זיין פליכט פאדערט פון איהם".

אומשפרייזענדיג הין און הער, מיט די בריאזגענדע שפארען און ברומענדיג אויפ'ן דאקטאר ,וועלכער האט זיך געגורעט א פערציטערטער, איז זיין עקסעלענץ רוהיגער געווארען. זיין שטורמישער כעס איז שוין כמעט אריבער, ווען

ער האט אונגליקליכערווייזע דערזעהן דעם בעריכט פון דער בריגאדע, וועלכע איז זעהר פירכטערליך אטאקירט געווארען פון שונא, האט געליטען שרעקליכע פערלוסטען און האט אנ־געהאלטען איהר פאזיציאן בלויז כדי די אטאקע זאל דעם ארויפמארשירענדען שונא קאסטען וואס טייערער. הינטער דער בריגאדע זיינען שוין געווען אויסגעלעגט די מינען און א גאנצע פרישע דיוויזיע האט געווארט אין אונטערארדישע קאנאלען צי דערלאנגען דעם שונא א שטיקעל איבערראשונג, נאכדעם ווי די פעראורטיילטע בריגאדע וועט פערניכטעט ווערען. ס'פערשטעהט זיך, דער גענעראל האט ניט געהאל־טען עס פאר נויטיג צו לאזען וויסען דעם קאמאנדיר פון דער בריגאדע, אז ער פערטיידיגט א פארלארענע פאזיציאן און אז אלעס, וואס ער האט צו טהאן, איז צו נעהמען וואס א גרעסערען פרייז פאר זיין לעבען. וואס לענגער די שלאכט וועט געדויערען, אלץ בעסער, און מענשען קעמפפען אלץ מיט מעהר עקשנות ביז'ן לעצטען מינוט ווען זיי האפען צו קריגען הילף.

דאס אלעס האט זיין עקסעלענץ אליין איינגעארדענט, און ער איז ווירקליך געווען זעהר שטארק צופריעדען וואס די בריגאדע האט נאך אלץ זיך געהאלטען, נאך אזעלכע דריי פירכטערליכע אינפאנטעריע־אטאקעס. אבער יעצט האט ער געקראגען א בעריכט, וואס איז נעגען מיליטערישען געזעץ און מנהג; און דאס האט איהם ווידער אויפגעקאכט.

דער מאיאר־גענעראל (זיין עקסעלענץ האט זיין נאמען גוט אריינגענומען אין זינען) האט די שוידערליכע ווירקונג פון דער אטאקע בעשריבען אויף א נערוועזען צוטראגענעם אופן, גאר ניט אויף א מיליטערישען שטייגער. אנשטאט איבערצוגעבען אין קורצען די ציפער פון די פערלוסטען, האט ער אויספיהרליך ערקלעהרט, ווי אזוי זיין בריגאדע איז פער־קלענערט געווארען און ס'איז פערשוואונדען די ווידער־שטאנד־ס־קראפט פון זיינע סאלדאטען. פערענדיגט זיין בעריכט האט ער מיט א ביטע מ'זאל איהם צושיקען פרישע חיל, אז ניט, ערקלעהרט ער, וועט פאר די ביסעל איבערגע־

בליבענע מענשען פון זיין קאמפאניע אונמעגליך זיין אויס־צוהאלטען די אטאקעס וואס דארפען בייגאכט געמאכט ווערען.

„אונמעגליך? אונמעגליך?“ האט זיין עקסעלענץ ארויס־געברומט צו די מענשען, וואס זיינען בעוועגלאז. ווי פלעקער געשטאנען ארום איהם. „אונמעגליך? זינט ווען האבען עס די אונטערגעארדענטע גענומען פארנאנדערזאגען דעם קאמאנ־דיר וואס ס'איז מעגליך און וואס ניט?“

זיין פנים איז אזש בלאה געווארען פון צארן. ער האט א כאפ געטהאן די פען און אויפגעשריבען אט דעם איינציגען זאץ אלס ענטפער צום בעריכט: „די פאזיציאן מוז פערטהיי־דיגט ווערען“. אונטער דעם האט ער אונטערגעשריעבען זיין נאמען אין דער קרום מיט צודרעהטע אותיות, ווי קאטשע־רעס, וואס יעדער שוהל־אינגעל האט גוט געוואוסט פון די בילדער פון דעם „זיגנער פון——“. ער האט אליין דער־לאנגט דעם קאנווערט דעם וועליסאפער־פאהרער אין האנד אפצופיהרען עס צו דער דראטלאזער סטאנציע, ווארים די טעלעפאן־דראטען פון דער בריגאדע זיינען שוין לאנג צו־שאסען און צושמעטערט געווארען. דאן האט ער ווי א שטורם זיך גענומען ארומטראגען פון צימער צו צימער, איז פער־בליבען א האלבע שטונדע אין דעם קארטען־צימער, האט געבעטען מ'זאל איהם די אבענד־בעריכטען צושיקען אין זיין שלאס. ווען ער האט ענדליך אויסגעברומט „א גוטע נאכט, מיינע הערען!“ האט יעדער איינער לייכט אבגעאטהעמט. דער וואד־סאלדאט איז געשטאנען אויסגעצויגען ווי א סטרו־נע. דער שאפער האט א טריב געטהאן דעם אויטאמאביל, און די גרויסע מאשין האט זיך א לאז געטהאן מיט א רעווען ווי א אקס. סאפענדיג און טרובענדיג, האט זי זיך געטראגען דורך די שמאלע גאסען ביז זי איז ארויס אויפ'ן פרייען פעלד, וואו דער שלאס האט ווי א צוויבער־פאלאץ ארונטער־געקוקט אויפ'ן נעבעלדיגען טהאל אונטען מיט דער רייהע בעלויכטענע פענסטער ווי א שנירעל פערל.

מיט'ן קאלנער אויפגעשטעלט איז זיין עקסעלענץ גע־זעסען און געטראכט פון די זאכען, וואס האבען דורך'ן

טאג פאסירט. ער האט זיך דערמאנט אן דעם קארעספאנדענט און זיין אידיאטסקע פראגע: „ווען האפט אייער עקסעלענץ זאל זיין פריעדען?" האפט? איז עס מעגליך אז אזא מאן, אויף אזא שטופע אין זיין פראפעסיע (אז ניט וואלט ער דאך ניט געקראגען קיין רעקאמענדאציע פון דער הויפט־קווארטיר), זאל ניט פערשטעהן, ווי דאס איז געגען דעם געפיהל פון אן ארמיי־מענש? האפען פאר פריעדען? וואס קען א גענעראל ערווארטען פון פריעדען? בעגרייפט ער דען ניט, דער קארעספאנדענט, אז א קאמאנדירענדער גענעראל איז אין דער אמת'ן א גענעראל בלויז אין מלחמה־צייט; אבער אין צייט פריעדען איז ער ניט מעהר ווי א מלמד, א לעהרער מיט טאשמעש און צאצקעס אויף די קליידער, אן אלטער אפיציר, וואס שרייט אמאל און ווערט הייזעריג שרייענדיג, ניט מעהר ווי צו פערטרייבען דעם אומעט? זאל ער בענקען און גארען נאך אזא טרויעריגען, שווערען, קאטארזשנע־איינטאניגען לעבען? זאל ער חלש'ען נאך דער צייט—אום צופריעדענצושטעלען די ציווילע לייטע—ווען ער, דער זיעגער פון דער —טער ארמיי, וועט מוזען בלויז פאר געשפרעכען מיט צייטונגס־לייטע? דארף ער דען אונגעדולדיג ווארטען אויפ'ן אומקעהרען זיך צוריק צו דעם האפנונגסלאזען קאמפף צווישען א קליינעם געהאלט און א צוגעפוצטען לעבען צו האבען א פנים פאר לייטען—א קאמפף, אין וועלכען דער מאנגעל אין געלט האט שטענדיג טריאומפירט?

דער גענעראל האט מיט גרויס ערגערניש זיך אנגעשפארט אהינטער.

פלוצלינג האט דער אטאמאביל מיט א ריס זיך אבגעשטעלט אין מיטען וועג. דער גענעראל האט זיך א כאפ געטהאן אז איבערראשטער און געוואלט ווענען דעם א פרעג טהאן דעם שאפער, אבער גרויסע טראפענס רעגען האבען גענומען קאפען אויף זיין פאנצער־היטעל. דאס איז געווען דערזעלבער רעגען־שטורם, וואס האט באלד נאכמיטאג געבראכט א ווייטע אברוה פאר די סאלדאטען אויפ'ן שלאכט־פעלד.

די צוויי קאפראלנע בעגלייטער זיינען ארונטערגע־שפרונגען און שנעל אויפגעהויבען דעם צודעק איבער׳ן אטא־מאביל. זיין עקסעלענץ איז געזעסען גלייך, שטייף, און האט אויפמערקזאם זיך צוגעהערט צום ווינד. אויסגעמישט מיט׳ן איילענדען רויש פון ווינט האט זיך געהערט, כאטש זעהר, זעהר שוואך, א פארשטיקטער פוסטער קלאפען און באראַ־באנעווען, ווי ווען מ׳האקט בוימער ערגעץ ווייט אין וואלד.

די שיסעריי!

זיין עקסעלענץ׳ס אויגען זיינען ליכטיגער געווארען. א שטראהל פון אינערליכע צופריעדענהייט האט דורכגעשי־מערט איבער זיין געזיכט, וועלכער איז נאר וואס געווען פארוואלקענט פון ערגעריש.

א דאנק גאט! ס׳איז נאר פאראן מלחמה!

VI

# מיין חבר

## (א טאגעס־בוך)

אין דיזער וועלט־מלחמה האב איך א חבר געקראגען. איהר קענט קיין בעסערען ניט געפינען. פונקט מיט פערצעהן מאנאטען צוריק האב איך איהם צום ערשטען מאל געטראפען אין א קליין שטיקעל וועלדעל לעבען וועג נאך גערץ. פון דאן אן האט ער מיר אפילו אויף א רגע ניט פארלאזען. הונ־דערטע טעג גאנצע זיינען מיר שוין צוזאמען אבגעזעסען, און ער וויל זיך פון מיר ניט אבשיידען.

ער טשעפעט זיך ניט אן מיר מיט געוואלד, ער בע־לעסטיגט מיר ניט. פארקעהרט, ער קריכט ניט צו־נאהענט. ער האלט זיך מיט דרך־ארץ אביסעל פון ווייטען פון מיר, ווי ס׳פאסט פאר א פשוט׳ען סאלדאט צו בעציהען זיך צו זיין אפיצער, וועלכען ער דארף אין מיר אכטען. שטרענג לויט׳ן געזעץ שטעהט ער ערגעץ אין א ווינקעל אדער אהינטער א סלופ, דריי טריט ווייט פון מיר, און וואגט ניט מעהר ווי צו קוקען אויף מיר מיט שעמעוודיגע בליקען.

איהם ווילט זיך נאר זיין נאהענט לעבען מיר. ער בעט בלויז, איך זאל איהם לאזען זיין אין מיין אנוועזענהייט.

אמאל מאך איך צו די אויגען כדי ווידער צו פערבלייבען מיט זיך אליין. כאטש אויף א ווײלע אין גאנצען מיט זיך אליין, ווי איך פלעג זיין פאר דער מלחמה. דאן שטעלט ער אויף מיר אן זיין בליק אזוי פעסט, דורכדרינגענד און מיט

אזא עקשנות און פארוואורף, אז ס'ברענט זיך מיר אריין אין פלייצע, ס'קריכט אריין אונטער מיינע ברעמען, און מיין גאנצער וועזען ווערט דורכגענומען מיט זיין בילד, אז איך דרעה זיך אום א קוק טהאן, ווען ס'געהט אריבער אביסעל צייט און ער דערמאנט מיר ניט אן זיין אנוועזענהייט.

ער האט זיך איינגעגעסען, איינגעגריזשעט אין מיר, ער האט זיך בעזעצט און וואהנט אין מיר. ער זיצט אינוועניג אין מיר ווי דער געהיימניספולער מכשף אין א מואווינג־פיק־טשור פארשטעלונג, וועלכער דרעהט די מאשינקע אין דער ביידעל אין דער הויך איבער די קעפ פון די צושויער. זיין בילד דרינגט דורך מיינע אויגען און פאלט אויף יעדע וואנט, אויף יעדע פארהאנקע, אויף יעדע פלאכע שטיקעל אויבער־פלעכע, אוואו נאר מיין בליק שטעלט זיך אפ.

און ווען אפילו ס'איז ניטא קיין הינטערגרונד פאר זיין בילד, ווען איך גיב זאגאר א בליק דורכ'ן פענסטער און קוק אריין אין פוסטען רוים, אום אויף א ווייליע לויז צו ווערען פון איהם — איז אפילו דאן שוועבט ער אום פאר מיינע אוי־גען, ווי אן ארויפגעזעצטער אויפ'ן שפיץ פון מיין בליק, ווי א פאהן וואס פלאטערט פאראויס אין א פאראד. ווען עקס־שטראהלען וואלטען געקענט דורכדרינגען דעם שארבען, וואלט מען געזעהען די פארמע פון זיין בילד אריינגעוועבט אין מיין מארך, ווי די אוזארען אויף אלטע טעפיכען.

פאר דער מלחמה, געדענק איך, האב איך געמאכט א רייזע אויפ'ן אריענטאלישען שנעל־צוג פון מינכען נאך וויען. איך האב ארויסגעקוקט אויף די פרעכטיגע, צייטיגע הערבסט פעלדער אין דעם געגענד ארום די בייערישע אזערעס און דעם גאלדיג־לויכטענדען „וויענער וואלד". אבער אין מיטען דעם נחת און פערגניגען, וואס איך האב געקליבען פון דעם, זיצענ־דיג בהרחבה, בעקוועם און צופריעדען, איז פאר מיינע אויגען נאכאנאנד אומגעלאפען א העסליכער שווארצער פלעק: אויפ'ן שויב פון פענסטער איז געווען עפעס א פינטעל.

פונקט אויף אזא אופן פליהט אום מיין חבר, דער עקשן, איבער וועלדער און וועגט, בלייבט

שטעהן שטיל, ווען מיין בליק שטעלט זיך אפּ, טאַנצט איבער די פּנים'ער פון פאַרבייגעהער, איבער די נאַסע פערדרעגענטע געפּלאַסטערטע גאַסען, איבער אַלץ, וואו מיינע בליקען פאַלען נאַר. ער רוקט זיך רק אריין צווישען מיר און די וועלט, פּונקט ווי דער פינטעל אויפ'ן פענסטער־שויב, וואַס האַט בעפלעקט יעדען הינטערגרונט.

די דאַקטוירים, פערשטעהט זיך, ווייסען בעסער: זיי גלויבען ניט, אַז ער זיצט אין מיר און וואָהנט אין מיר ווי אַ טרייער חבר. פון אַ וויסענשאַפטליכען שטאַנדפּונקט ווענדט זיך אַלעס אַן מיר. זאַגען זיי: אויב איך וויל זיך מעהר מיט איהם ניט אומשלעפּען און וויל פון איהם פּטור ווערען, קען איך עס לייכט בעווייזען, פּונקט ווי איך וואָלט געקענט נעמען און אויסשלאַגען די שויב און זיך בעפרייען פון דעם דערעסענ־דען פלעק, ער זאָל ניט אומטאַנצען פאַר מיינע אויגען. די דאַק־טוירים גלויבען ניט, אַז אַ מענש קען פאַר'ן טוידט זיך פאַר־איינינען מיט אַן אַנדערען און אין איהם פאַרטזעצען ווייטער זיין לעבען. זייער מיינונג איז, אַז אַ מאַן, וואָס קוקט אין אַ פענסטער, קען זעהן די הויז אַנטקעגען, אָבער ניט די וואַנט פון צימער אַהינטער זיין פּלייצע.

די דאַקטוירים גלויבען נאַר אין זאַכען, וואָס ס'זיינען פאַראַן. אָבער אַזעלכע אַבערגלויבענס, אַז אַ מענש זאָל קענען ארומטראָגען אין זיך טויטע מענשען, און זעהן זיי אַזוי קלאָהר פאַר זיינע אויגען, אַז זיי פאַרשטעלען פּשוט מיט זיך פון איהם די אַלע זאַכען אַהינטער זיך—דאַס קומט זיי אויפ'ן זינען ניט אַרויף. אין זייער לעבען שפּיעלט דער טוידט קיין שום ראָלע ניט. אַז אַ פּאַציענט שטאַרבט, איז ער מעהר קיין פּאַציענט ניט. און וואָס ווייס דער טאָג פון דער נאַכט, כאָטש איינס געהט נאָך'ן צווייטען?

איך אָבער ווייס, אַז ניט איך שלעפּ עס דעם גאַנצען לעבען ארום מיט זיך דעם טוידטען חבר. איך ווייס, אַז דעם טוידטען מאַן'ס לעבען אין מיר איז שטאַרקער פון מיין איי־גענעם לעבען. ס'איז גאַנץ מעגליך, אַז דאָס זיינען ניט מעהר ווי פאַנטאַזיע־בילדער אַט די געשטאַלטען, וואָס איך זעה

אומפליהענדיג איבער די וועגט, גורענדיג זיך אין די ווינקע־לעך און קוקענדיג, גלאצענדיג פון די פינסטערע באלקאנען אין די ליכטיגע צימערען אריין און קלאפענדיג אזוי שטארק אין די פענסטער, אז די שויבען ציטערען אזש. אבער פון וואנען נעמען זיי זיך? מ י י ן מארד שטעלט צו די בילד, און מ י י נ ע אויגען שפיגלען עס אפ. אבער ביי דער מאשינקע אין דער בודקע זיצט דער טוידטער מאן און ער ברענגט ארויס די בילד. די פארשטעלונג הויבט זיך אן, ווען ע ר וויל, און ס'הערט ניט אויף כל זמן ע ר דרעהט די הענטעל פון דער מאשינקע.

ווי קען איך זיך ארויסדרעהען ניט צו זעהן, וואס ער ווייזט מיר? אז איך פערמאך די אויגען, פאלט די בילד אויף דעם אינוועניגסטען זיים פון מיינע ברעמען, און די דראמע שפיעלט זיך אפ אינוועניג אין מיר, אנשטאט אומצוטאנצען ווייט איבער טהירען און ווענט.

איך בעדארף זיין שטארקער פון מיין חבר, זאגען זיי. איהר קענט דאך אבער ניט טוידטען א טוידטען מענשען, די דאקטוירים דארפען דאך עס וויסען.

טיטיאן'ס און מיקעל־אנדזשעלא'ס בילדער הענגען דאך גאך אין די מוזעאומס יאהר־הונדערטע נאכדעם, ווי טיטיאן און מיקעל־אנדזשעלא זיינען טוידט. און די בילדער, וואס א שטערבענדער מאן האט מיט פערצעהן מאנאטען צוריק אריינ־געקריצט אין מיין מארך מיט די אונגעהויערע קראפט פון זיינע לעצטע טויט־יסורים — מוזען זיי דען פערשווינדען בלויז דערפאר, ווייל דער מאן וואס האט זיי בעשאפען, ליגט איצט טוידט אין א סאלדאטסקען קבר?

אז מ'הערט אדער מ'לעזט דעם ווארט „וואלד", דערמאנט מען זיך פון א וואלד, וואס מ'האט אמאל געזעהן. אז איינער רעדט פון זיין טוידטען פאטער, זעהט ער ווידער דעם פא־טער'ס געזיכט, ווי ער איז פריהער געווען, אמאל א גוטער, אמאל א בייזער, צי א פערגליווערטער אין די לעצטע רגע'ס פון לעבען. ער זעהט דעם געזיכט קלאהר, כאטש איצט איז ער שוין לאנג א צופוילטער אין קבר. וואס וואלט אונזער גאנ־

צער לעבען געווען אהן דיזע טרוים־בילדער, וועלכע, ווי נאר מ׳דערמאנט זיי, הויבען זיי זיך אויף א רגע אויף פון תהום פון פארגעסענהייט ווי אין דעם גלאנץ פון א בליץ־שיין?

קראנק? ס׳פערשטעהט זיך. די וועלט איז א צוקאליע־טשעטע, און זי וויל ניט קיינע ווערטער אדער בילדער, וואס האבען קיין שייכות ניט מיט די הורטאווע סאלדאטסקע קברים. מיין חבר איז מיר קען אפילו אויף א רגע ניט אנ־שליסען זיך אן די איבריגע מתים, ווארים יעדען אויגענבליק כאפט ער זיך אויף; וואס ס׳זאל ניט פאסירען פאלט עס ווי א בליץ־שיין אויף איהם. די ערשטע זאך לעזט מען אין די צייטונגען יעדען פריה מארגען: „שיפען געזונקען", „אטאקעם צוריקגעשטויסען". און זאפארט הויבען זיך ווי א שטורמווינד אן צו טראגען בילדער פון סאפענדע, לעכצענדע מענשען וואס קעמפפען מיט די לעצטע כחות; פינגער וואס הויבען זיך אויף פון בערג כוואליעס און סטארען זיך, רייסען זיך נאך איינמאל אנצוכאפען זיך פאר׳ן לעבען; פנים׳ער צוקרימטע, צוקארטשעטע פון שרעקליכע יסורים און צארן. יעדער געשפרעך וואס מ׳הערט נאר, יעדער פענסטער, יעדע אטהעם־צוג דערמאנט אן דער גוואלדאווגער שוידערליכער בלוט־באד. זאגאר די שטילקייט פון דער נאכט דערמאנט אן דעם, יעדער טיק־טאק פון דעם סעקונדע־ווייזער אויפ׳ן זייגער פערצייכענט דאך דעם טוידט פון טויזענדע מענשען. אז איהר הערט ווי דער גיהנום בושעוועט דארט אויפ׳ן אנדער זייט פון דער דיקער לופט־וואנט, קענט איהר זיך פארשטעלען צושמעטערטע שארבענס, אבגעריסענע גליעדער, שטיקער פנים׳ער, בר־מינן׳ס צוזאמענגעקלאמערטע אין טוידט־אומ־ארמונג.

ווען א מאן, וואס ליגט זיך רוהיג אין בעט דערהערט ווי אין דערביייאיגען צימער ווערט אימיצער ערמארדעט, און ער שפרינגט פון דעם אויף אן אויפגערעגטער, וועט איהר זא־גען, אז ער איז קראנק? און געפינען זיך דען ניט לעבען אונז אט די אלע פלעצער, וואו טויזענדע פאלען פערריקטע פון שרעק, וואו די ערד שפייט ארויף צום הימעל צומורשטע

שטיקלאך מענשליכע קערפערס און דער הימעל האמערט אויף דער ערד מיט אייזערנע קולאקעס? קען א מענש שטעהן און צוקוקען פון ווייטען ווי א טהייל פון איהם ווערט געקריי־ציגט? קען מען לעבען, ווען די גאנצע וועלט הילכט אפ מיט עראינערונגען פון דיזע שוידערהאפטען?

ניין!

די אנדערע זיינען עם די קראנקע. קראנק זיינען די, וואס טאנצען פאר שמחה פון די נייע זיעגע און קוקען מיט ענט־ציקונג ווי די פערכאפטע שטרעקעס לאנד הויבען זיך גלענ־צענד אויף איבער בערג הרוגים. קראנק זיינען די, וועלכע שטעלען אויף א וואנט פון פאהנען צווישען זיך און דעם פאלק, אום מ'זאל ניט קענען זעהן די פערברעכענס, וואס ווערען געגען זייערע ברידער בעגאנגען אהינטער דיזען פאר־האנג, וואס זיי רופען „פראנט“.

קראנק איז יעדער איינער, וואס קען דענקען, ריידען, דיסקוטירען, שלאפען, וויסענדיג, אז אין דער צייט קריכען אנדערע מענשען ווי צוטראטענע ווערים ארום און שלעפען די אייגענע גלידערים אין די הענד, קריכען איבער די צוריהע־טע פעלדער און פאלען, שטארבען ווי חיות, איידער זיי אוס־פעיען דערגרייכען די סטאנציעס פאר פערוואונדעטע; און ערגעץ, זעהר ווייט, זיצט א פרוי און בענקט, גארט, חלום'ט לעבען א פוסטער בעט.

קראנק זיינען אלע יענע, וואס דערהערען ניט די קרעכ־צען, די צייהן־קריצעניש, די וועה־געשרייען, דאס טרעשצען און קראכען, דאס יאמערען און שילטען, די טוידט־יסורים — זיי דערהערען עס ניט, ווייל זיי זיינען ארומגערינגעלט פון דעם רעש פון טאג־טעגליכע בעשעפטיגונגען אדער פון דער הערליכער שטילקייט פון דער נאכט.

אט די טויבע און בלינדע זיינען עם קראנק, ניט איך!

קראנק זיינען די פערטעמפטע מענשען, וועמענס נשמות פיהלען ניט קיין מיטלייד ניט פאר א צווייטען, ניט פאר זיך, פאר'ן אייגענעם צארן. קראנק זיינען יענע גרויסע מאסען מענשען, וועלכע הילכען יעדען קלאנג אפ, ווי א פידעל אהן

סטרונעס. וועט איהר אפשר זאגען, אז א געזונטער מענש
איז דער, וועמענס זכרון איז ווי א פאטאגראפישע פלאטע,
וואס איז פארדארבען געווארען, ווייל ליכט איז אויף איהר
געפאלען, און זי קען מעהר ניט ארויסברענגען קיין איינ־
דריקע? איז דער זכרון ניט דעם מענשען'ס העכסטע מעלה,
דער בעסטער פערמעגען? דאס איז דער אוצר וואס חיות
בעזיצען ניט, ווייל זיי זיינען ניט פעהיג צו פערבעהאלטען
אין מח די פערגאנגענהייט און ווידער אמאל עס אויפלעבען.

דארף איך זיך אויסהיילען פון דיעזער חלאת, פון מיין
זכרון? אבער אהן מיין זכרון וואלט איך דאך ניט געווען
„איך". ווארים יעדער מענש איז אויפגעבויט פון זיינע ער־
אינערונגען, און ער לעבט אין דער אמת'ן בלויז כל זמן ער
געהט דורך דעם לעבען ווי אן אנגעלאדענע פאטאגראפישע
קאמערא. ווי איז, דהיינו, אז איך וואלט אין מיין יוגענד
פארגעסען וואו איך האב געוואהנט, וואס פאר א קאליר אוי־
גען ביי מיין פאטער איז געווען, צי וואס פאר א האאר מיין
מוטער האט געהאט? וואלט מען דאך גלייך געזאגט, אז איך
בין א שוטה אדער א שוואכזיניגער. אלזא, אום גערעכענט צו
ווערען פאר א גייסטיג־נארמאלען מענשען, מוז מען קענען
אבדייבען און אבוואשען דעם אייגענעם מארד ווי א טא־
פעל, און קענען צו יעדער צייט ארויסרייסען די אבשייליכע
בילדער, וואס האבען זיך איינגעברענט אין דער נשמה, און
אוועקווארפען זיי ווי בלעטלאך פון אן אלבאם פאטאגראפיעס?

איין מאן איז פאר מיינע אויגען געשטארבען, געשטאר־
בען מיט א שוידערליכען טוידט, א צופליקטער אויף שטיקער
נאך א פירכטערליכען קאמפף צווישען די צוויי ריעזען — דער
לעבען און דער טוידט. בין איך דערפאר קראנק, ווייל יעדען
מאל, וויא נאר עפעס א פאסירונג דערמאנט מיר בארמלאז אן
דעם, לעב איך ווידער אמאל אין גאנצען איבער אלע צו־
שטענדע פון זיינע גיהנום'דיגע טוידט־יסורים, וועלכע האבען
זיך אבגעזועצט אין מיין מח ווי פלינק־ארונטערגענומענע פא־
טאגראפיעם?

און די אנדערע לייטע, זיינען זיי געזונד, אט די אלע,

וואס טראגען ניט אויפ'ן זכרון, וואס פערטראכטען זיך ניט וועגען די אלע שוידערהאפטע, די צוקאליעטשעטע, צומורשטע, צושמעטערטע ברידער זייערע, די לאנגזאמע גרויזאמע מאטערנישען פאר'ן טוידט פון די, וואס זיינען אריינגעכאפט געווארען אין די געפלאכטענע עלעקטרישע דראטען־צאמען?

זאגט מיר, מיינע ליעבע דאקטוירים, וואו, פון וועלכען ארט אן דארף איך אנפאנגען צו פארגעסען?

זאל איך פארגעסען, אז איך בין געווען אין דער מלחמה? זאל איך פארגעסען די רגע אין דעם אנגערויכערטען וואקזאל, ווען איך האב ארויסגעשטעקט די קאפ פון פענסטער פון וואגאן און געזעהן מיין זונעלע, ווי ער איז געשטאנען לעבען דער מאמען מיט אן אש־בלאסען פנים'ל, מיט צוזאמענגעדריקטע ליפעלער, און איך האב כלומרשט געמאכט א פרעהליכען אנשטעל און גערעדט וועגען באלד ווידערזעהן זיך, און אין דער צייט האבען מיינע אויגען זשעדנע זיך איינגעגעסען אין די געזיכטסציגע פון מיין פרוי און מיין קינד, און מיין נשמה האט דורשטיג אריינגעזאפט אין זיך זייער בילד, ווי פערשמאכטע פערטריקענטע ליפען פערשלינגען וואסער נאך עטליכע טעג וואנדלען אין דער מדבר?

זאל איך פארגעסען ווי ס'האט מיר גענומען שטיקען און ס'איז מיר געווארען ביטער אין מויל, ווען דער צוג האט זיך א ריהר געטהאן און באלד זיינען פערשוואונדען מיין קינד, מיין פרוי, מיין וועלט?

און די גאנצע רייזע צום טוידט, ווען איך בין געווען דער איינציגער מיליטערישער רייזענדער אין א וואגאן פול מיט גליקליכע פאמיליען־לייטע, וועלכע זיינען געפאהרען פאר'ן זונטאג אויפ'ן דאטשע — זאל איך עס ארויסרייסען פון מיין זכרון ווי אן איבעריגען בראקאוונעם לאטע? זאל איך פארגעסען ווי אזוי איך האב געפיהלט, ווען מיט יעדער סטאנציע ווייטער איז געווארען אלץ שטילער, אומעטיגער, פונקט ווי דער לעבען וואלט ביסלעכווייז פערשוואונדען געווארען, טראפען נאך טראפען, ביז ארום האלבע נאכט זיינען אין מיין וואגאן פערבליבען בלויז א פאאר שלאפענדע

מאַלדאַטען, און אַ יונגער אַש־בלייכער פּנים'ל, מיט אַ שמערצ־פולען פּיינליכען אויסדרוק, האָט ארומגעשוועבט ארום דעם צאַנקענדען לאָמפּ? איז מען טאַקע ווירקליך אַ קראַנקער, אַז מ'פּיהלט שטענדיג וועהטאָגען און שמערצען, ווען מ'דער־מאָנט זיך אָן דעם, ווי מ'האָט פאַרלאָזען די היים און די גאַנצע היימישע פריינדליכקייט, און אַוועקגעפאָהרען מיט האָס, און גערייכט זיך אויף געטאַהר, אפשר טוידט, ביים ענד פון דער רייזע?

איז פאַראַן אַ גרעסערע משוגעת אויף דער וועלט. — האָבען מענשען ווען אפּגעטהאַן אַן ערגערען אונזינן — וויא אָט דאָס: יאָגען זיך ביינאַכט שנעל, צו זעכציג מייל אַ שטונדע; אַנטלויפען פון פריינדשאַפט, פון ליעבע, פון רו־הינקייט און זיכערהייט; און לויפען שנעל צום פּלאַץ, וואו אונזיכטבאַרע מאַשינען שפּייען מיט פייערדיגע שטיקער אייזען, און דער טוידט האָט פאַרשפּרייט אַ גוט־אויסגעפּלאַנטענעם נעץ פון שטאָהל און בליי צו כאַפּען מענשען?

ווער וועט אויסמעקען פון מיין נשמה דיא בילד פון דעם קליינעם שמוציגען וואַקזאַלכעל, דיא פערשלאָפענע סאַלדאַ־טען, וועלכע האָבען געציטערט פון קעלט, פעראומערטע, אָהן אַ טראָפּען וואַרימקייט אָדער אויפרעגונג אין זייער בלוט, און האָבען מיט אַ בענקען נאָכגעקוקט דעם צוג פון די ציווילע מיט די ליכטיגע פענסטער, ווי ער איז מיט אַ פרעהליכען סווישץ פערשוואונדען אהינטער דיא בוימער?

און ווי איז, למשל, אַז איך וואָלט שוין יאַ גע־קענט אויסמעקען יענע ערשטע ענדלאָזע נאַכט, טאַ וואָס זאָל איך טהאָן מיט'ן נעקסטען פריהמאָרגען, ווען אונזער צוג האָט זיך אפּגעשטעלט אויף'ן וועג, אין מיטען פון אַ ברייטען טהוי־איגען טהאָל, און מ'האָט אונז געזאָגט, אַז מיר מוזען וואַרטען, אום דורכצולאָזען דיא האָספּיטאַל־צוגען? וועל איך אמאָל ערלעזט ווערען פון דער עראינערונג, וויא אויף דיא רוהיגע פריעדליכע פעלדער האָט, ווי פון די נעזליכער פון אַ ריעזען־עקדיש, געוועהעט אַ פאַרע פון ליזאָל און בלוט? וועל איך שטענדיג אַליין זעהן די לאַנגע ענדלאָזע צוגען, וואָס קריכען ווי

שלאנגען, שלעפען זיך פויל, אקוראט ווי זיי וואלטען זיך איי־בערגעפרעסען מיט צוהאקטען מענשען־פלייש?

פון הונדערטע פענסטער האבען זיך געזעהן ווייסע באנ־דאזשען, און פארטעמפטע, פארגלעזערטע אויגען האבען ארויסגעקוקט פון צוקאליעטשעטע, וואס זיינען געלעגען אויס־געצויגען, אדער זיך געקרוטשעט, געוואלגערט ליגענדיגער־הייט צונויפגעדרעהט איינער אויף דעם אנדערען, א קערפער אויף א קערפער. איינציגע האבען זיך זאגאר אנגע־האנגען אן די טרעפ־ברעטער, דאס האט אויסגעזעהן ווי א בלוטיגער בינטעל וויינטרויבען — אן איבערפליסענדע גע־רעטעניש אויף אומגליק און פיין.

און אט די אומגליקליכע רעשטלאך פון קראפט און יוגענד, די צו׳הרג׳עטע, צוקאליעטשעטע מענשען, האבען מיט מיטלייד, יא, מ י ט מ י ט ל י י ד, געקוקט אויף אונזער צוג.

ביז איך טאקע ווירקליך קראנק, וואס די ווארימע מיטליידס־פולע בליקען, וועלכע אט יענע בלוטענדע קאליקעס האבען געווארפען אויף דיא געזונט, פרישע יונגע לייט, ברע־נען אין מיין נשמה מיט פייער, וואס וועט קיינמאל ניט אויסגעלאשען ווערען?

א קעלט איז דורכגעלאפען דורך׳ן גאנצען צוג אונזערען; א פערדאכט האט גענומען גליווערען דיא בלוט ביי אלעמען: דיא הארץ האט אונז געזאגט, אז מיר געהען צו א גיהנום, פון ואנען מ׳וועט אנטלויפען איינגעוויקעלט אין בלוטיגע באנדאזשען. און ווען דיעזער שרעק, דיעזער פערדאכט איז דערנאך פערוואנדעלט געווארען אין א ווירקליכקייט, אין אן ערפאהרונג און ::ן עראינערונג, קען מען עס, דענקט איהר, ארויסטרייסלען פון זיך כל זמן מ׳באגעגענט נאך אלץ יעדען טאג אזעלכע צוגען? א צופעליגע בעמערקונג וועגען ארוי־בערשיקען חיל, נייעס פון פרישע שלאכטען מוזען אונפער־מיידליך דערמאנען יענע ערשטע בעריהרונג מיט דער מלחמה, פונקט וויא ס׳קומט ארויס א טאן ווען מ׳ריהרט אן א סטרונע, און ביי אזא ריהר דערזעה איך גלייך רעלצעס, שפאלען, שטיי־נער, בעשפריצט מיט בלוט, ווי זיי שיינען אין דעם פריה־

מארגען פון א זומער־טאג — צייכענס, וואס צייגען אן דעם וועג צום פראנט.

„דער פראנט!“

ג׳ין איך עס טאקע א קראנקער מענש, ווייל איך קען ניט ארויסריידען אדער אויפשרייבען דעם ווארט „פראנט“ און מיין צונג זאל דערביי ניט פארלויפען מיט שוים פון דעם ברע־נענדען צארן, וואס איך פיהל? זיינען ניט קראנק דיא יעניגע, וועלכע קוקען אויף דיעזער פאבריק פון קאליקעס און מתים מיט א רעליגיעזע פרומקייט, אויסגעמישט מיט א ראמאנ־טישען בענקען און שטילע סימפאטהיע?

וואלט אפשר געווען קליגער מ׳זאל איינמאל א פרוביר טאן עקזאמינירען דעם פערשטאנד פון אט דיא אלע? מוז איך עס ערקלעהרען מיינע קלוגע דאקטוירים, וועלכע וואכען איבער מיר מיט אזוי פיעל רחמנות, אז אט דער גאנצער אונ־גליק, דיא אלע בלוט־פערגליווערענדע מעשים, איז דיא ארבייט פון עטליכע ווערטער, וועלכע מ׳האט וויא א מחנה משוגענע הינט ארויסגעלאזען אויף דער מענשהייט?

פ ר א נ ט — ש ו נ א — ה ע ל ד ע נ ט ו י ד ט — ז י ע ג — אט דיא טייוועלשע בעסטיעס בושעווען איבער דער וועלט מיט פערגלאצטע אויגען און מיט שוים אין מויל. מיל־ליאנען מענשען האט מען אזוי זארנפול אבגעהיט, געבאליעט, ארייגנעשפריצט אין זיי געגען־גיפט געגען פערשיעדענע חלאת׳ן, וויא פאקען, כאלערא און טיפוס־פיעבער; און איצט טרייבט מען אט די מענשען צום טויט. אויף יעדען זייט פון דיא קעמפפענדע צדדים ווערען מיליא־נען מענשען אריינגעפאקט אין וואגאנעס, און זיי פאהרען, זינגענדיג, צו וואס? צו באגעגענען זיך אויפ׳ן שלאכטפעלד, צו שטעכען, שיסען, קאליעטשען, צורייטען איי־נער דעם אנדערען אויף שטיקער, אוועקגעבען זייער פלייש און ביינער פאר דער בלוטיגער פאטראנע, פון וועלכער ס׳וועט אויסגעקאכט ווערען דער פריעדענס־געריכט פאר דיא גליקלי־כע, וועלכע גיבען פאר׳ן פאטערלאנד נאר די פלייש פון זייערע קעלבער און אקסען און בעקומען פון דעם הונדערט פראצענט

ריוח. פארוואס פיהרען זיי, אט דיעזע גליקליכע, ניט אוועק דעם אייגענעם לייב זייערען פאר פופציג גראשען א טאג?

לאמיר זיך פארשטעלען, אז דער ווארט „מלחמה" איז קיינמאל אויף דער וועלט ניט געווען, קיינמאל ניט פארעהרט געווארען, קיינמאל ניט בעפוצט געווארען מיט פערשיעדענע צאצקעס. ווער וואלט דאן געוואגט צוצוגעבען צו דער אונפאלקאמענער פראזע „קריעגס ערקלעהרונג" — אט אזא מין רעדע:

„נאך לאנגע פרוכטלאזע פערהאנדלונגען איז אונזער געזאנדטער צו דער נ. — רעגיערונג היינט אבגעפאהרען פון דארט. פון פענסטער פון זיין ערשטען קלאסס וואגאן האט ער א ציה געטהאן זיין זיידענע הוט צו דיא העררן, וואס האבען איהם בעגלייט צום וואקזאל, און ער וועט זיי שוין מעהר ניט באגעגענען מיט א פריינדליכען שמייכעל, ביז איהר'ט ניט מאכען פאר מתים עטליכע הונדערט טויזענד מענשען פון דער לאנד נ. אלזא, נעהמט זיך צו דער ארבייט! פאקט זיך צונויף אין פראכט־וואגאנעס, וועלכע זיינען בעשטימט יעדער פאר זעקס פערד אדער אכט און צוואנציג מאן! פאהרט, באגעגענט אט יענע מענשען. הרג'עט זיי, האקט אפ זייערע קעפ; און איהר אליין לעבט דערווייל וויא ווילדע חיות אין נאסע גריבער און העילען, אין שמוץ, אין בלאטע, פערפלייצטע מיט ווערים. איהר מוזט עס אזוי טהאן, ביז מיר וועלען בעשטימען, אז ס'איז שוין גענוג, אז ס'איז שוין געקומען דיא צייט אונזער שליח זאל ווידער זיך אריינזעצען אין אן ערשטע קלאסס וואגאן, זאל א ציה טהאן דיא זיידענע הוט און אבפאהרען צוריק אין דער לאנד נ.. און דארט זיך זעצען בעקוועם אין פראכטפאל־בעפוצטע צימערען און העפליך־אריסטאקראטיש דעבאטירען וועגען דעם נוץ, וואס אונזערע גרויסע סוחרים און פאבריקאנטען וועלען האבען פון דער שחיטה איבער מיליאנען מענשען. און דיא אלע, וואס זיינען פערבליבען, וואס פוילען ניט אין דער ערד, אדער וואס הינקען ניט אויף קוליעס און בעטלען ניט איבער דיא גאסען און שלעפען זיך ניט איבער דיא הייזער — אט דיא אלע מעגען, נייען, ניט מעגען נאר מ ו ז ע ן איצט זיך צוריקקעהרען צו דער אר־

בייט און הארעווען מיט א סך מעהר כחות און ענערגיע און פארערען נאך וועניגער געצאהלט, אום צו קענען כאטש בע־צאהלען פאר דיא שיך, וואס זיי האבען אויסגעטראגען מאר־שירענדיג אויף דיא שלאכטפעלדער, און פאר דיא קליידער, וואס זיינען צופוילט געווארען אויף זייערע לייבער".

מעהר וויא א נאר וואלט ניט געזוכט קיין נאכפאלגער נאך אזעלכע ווערטער. אבער דיא קרבנות, וואס פריהרען, הונגערען, טוידטען און לאזען זיך טויטען, זיינען אפנים קיין נאראנים ניט, ווייל זיי ווייסען, זיי האבען שוין אויסגעפונען, אז דאס מוז שוין אזוי זיין, וויא באלד דער משוגענער הונט „מלחמה" האט זיך אבגעריסען פון קעיט און בייסט און רייסט דיא גאנצע וועלט.

זייגען עס אמאל אויך אזוי געווען דיא מלחמות, ווען זיי האבען זיך נאר וואס אנגעפאנגען און פון וואנען דער ווארט „מלחמה" האט זיך גענומען? אמאל נאך א מלחמה האט מען ערווארטעט צו קריעגען רויב, צו געווינען עפּעס. דיא סאל־דאטען, וואס האבען זיך פערקויפט פאר געלט, האבען עס גע־טהאן, ווייל זיי האבען געהאפט צו האבען א פרעהליכען הול־טאיסקען לעבען — געלט, פרויען, הוליאנקעס, שעהן־בעפוצטע פערדלאך. אבער איצט האלט מען דאך מענשען צוזאמענגע־קלאמערט, אונטערדריקטע פון אן אייזערנע דיסציפלין, מ'הייסט פערדייסען די קאפ, אום אפצוהאקען זיא. מ'שפּיעלט זיך גלייכגילטיג מיט אזעלכע ווילדע בריאות, דיא ריעזען־מאשינען, וואס שפייען מיט פייער און בליי, שליידע־רען פון זיך גאנצע גיהנום'ס פון דער ווייטענס.

מלחמה האבען אמאל געהאלטען די נוצלאזע, אוננוי־טיגע פערזאנען, דיא רויבער און גזלנים פון אלע פעלקער. יונגע לייט, וועמען ס'איז געווארען ענג אין זייערע שטעדט און זיי האבען ניט געהאט וואו אויסצואיבען דיא אייגענע קרעפטען, האבען זיך אוועקגעלאזען אויף ריזיקאלע אונטערנעהמונגען. איצט אבער רייסט מען דאך מיט גוואלד אוועק מענשען פון זייערע היימען, פון זייערע נאהענטע און געליעבטע, און מ'פיהרט זיי אוועק צו דער שחיטה, צו דיעזען דועל צווישען אמוניציע־אינדוסטריען.

הייסט עס ניט מיסברויכען דעם ווארט „מלחמה“ איצט, ווען דיא הויפט ראָלע שפּיעלען ניט מוטה און קראַפט, נאָר דיא אויפרייסענדע באָמבעס און דיא ווייט־שיסענדע האַרמאַטען און דיא שנעלקייט פון פרויען און קינדער צו מאַכען קוילען?

מיר ריידען מיט שוידער וועגען דיא טיראַנען פון אמאָליגע פינסטערע צייטען, וועלכע פּלעגען נעהמען הילפלאָזע מענער און פרויען און אריינשליידערען זיי צו לייבען און טיגרען. ווער וואָלט אָבער איצט ניט דערמאָנט זיי מיט רעספּעקט, ווען מ'זאָל זיי פערגלייכען מיט דיא איצטיגע הערשער, וועלכע פיהרען אַן אַ קאַמפּף צווישען מענשען און מאַשינען, פּונקט וויא דאָס וואָלט געווען אַ פאָרשטעלונג פון ליאָלקעס, וואָס טאַנצען צוגעטשעפּעטע צו אַן עלעקטרישען דראָט? און דיא גאַנצע האָפנונג פון דיא הערשער צו זיעגען איז, אַז אונזער זאַפּאַס פון מענשען־פלייש זאָל זיך ציהען לענגער וויא דעם שונא'ס שטאָהל און אייזען.

ניין, דאָס איז ניט מלחמה! דיא אַלע ווערטער, וואָס זיינען געווען ביז דער איצטיגער בלוט־באָד, זיינען צו־שעהן, צו־אָרענטליך, אין פערגלייך מיט דיא איצטיגע, מאָדערנע ווערטער, וויא צום ביישפּיעל, דער וואָרט „פראָנט“, וועלכען איך האָס אַזוי.

הייסט עס „באַגעגענען“ דעם שונא, ווען זיין אַרטילעריע איז פערבעהאַלטען וויים הינטער בערג און זי שיקט דעם טויט איבער אַ שטרעקע פון אַ טאָגס־גאַנג? צי ווען זייערע סאַפּיאָרען גראָבען זיך אונטער און קריכען אונטער דרייסיג פוס טיעף אונטער אייך?

און וואָס איז דער „פראָנט“? דער לעצטער וואָקזאַלטשיק, אַ קליינע שטיבעל, אין גאַנצען אַ צושאָסענע; אַהינטער איהר זיינען דיא רעלצען צוריסען, ווייל דיא צוגען קעהרען זיך דאָ אום צוריק, נאָכדעם וויא זיי לאָזען דאָ אַרונטער נייע מחנות פרישע, געזונטע מענשען, און וועלען נאָך אַמאָל קומען אהער נאָך די יעלבע מענשען, ווען זיי וועלען

שוין זיין צוקאליעטשעטע, מיט אבגעריסענע אברים, מיט גרי־נע, יסודים׳דיגע פנים׳ער.

פארנאכט בין איך ארונטער פון צוג ביי אזא וואקזאל־טשיק. א סאלדאט מיט א באָרד און א פערבונדענער האנד איז געזעסען אויף דר׳ערד אנגעשפארט א; דער אייזערנער פארענצע, וואס האט זיך געצויגען ארום פלאטפארמע. ווען ער האט מיר געזעהן פארבייגעהן א ריינעם, א ציכטיגען, האט ער מיט דער רעכטער האנד, דיא געזונטע, א גלעט גע־טהאן דיא לינקע און א קוק געטהאן אויף מיר מיט א העסלי־כען בליק פולל מיט שנאה, און א זאג געטהאן דורך דיא פאר־שטשעמעטע ציינער:

„יא, לייטענאנט, דא איז דער פלאץ פאר געריכטען פון געהאקטע מענשען־פלייש".

זאל איך פארגעסען, וויא ער האט ביין א שצירע געטהאן דיא ציינער און אן עפען געטהאן דעם מויל, א צוקרימטען פון וועהטאגען און יסורים? בין איך דערפאר קראנק, ווייל יע־דען מאל, וואס איך דערהער דאס ווארט „פראנט", הילכען ניט ווילענדיג אין מיינע אויערען אפ דיא ווערטער „געהאקטע מענשען־פלייש"?

אפשר זיינען גאר קראנק די יעניגע, וואס הערען ניט דיא ווערטער „געהאקטע מענשען־פלייש", נאר זיי שלינגען ארונטער דיא ניעדערטרעכטיגע מוטהלאזע שרייבערייען פון אונזערע מלחמה־פאעטען, וועלכע סכארען זיך מיט חשק צו ריהמען די „וועלט־מלחמה", ווייל אלס בעלאהנונג דערפאר וועלען זיי ארומפאהרען אין אטאמאבילס ווי גענעראלען, אנשטאט צו מוזען געהן באגעגענען דעם טוידט אין בלאטיגע קאנאוועס און האבען אויף זיך א קליינעם קאפראלנעם אלס בעל־הבית?

זיינען נאך טאקע פאראן אויף דער וועלט מענשען, מענ־שען פון בלוט און פלייש, וואס קענען נאך נעהמען א צייטונג אין האנד און ניט ווילד ווערען פון צארן?

האבענדיג אין זינען דיא בילד פון פערוואונדעטע מענ־שען, וואס וואלגערען זיך אויף בלאטיגע פעלדער אונטער א גוס

רעגען און געהען דארט לאנגזאם אוים פון בלוט־פערלוסט. מא וויא קען מען רוהיג לעזען דיא ניעדערטרעכטיגע שרייבער־צען וועגען „פאלקאמענע האספיטאל־דיענסט", „פלינקע אמבו־לאנסען", און „טראנשעען אויסגעקלעפטע מיט עלעגאנטע אבאיעס". וויא אונזערע שרייבער טהוען עס, אום אליין ארוים־צודרעהען זיך פון מיליטערישע דיענסט?

מענשען קומען אהיים פון שלאכטפעלד מיט בעוועגלאזע פערשטיינערטע אויגען, אין וועלכע דער טוידט שפיגעלט זיך נאך אלץ אב. זיי שלעפען זיך אום שטילע, פערטראכטע, וויא נאכט־וואנדלער אין מיטען העלען טאג. און אין זייערע אויע־רען קלינגען נאך אלץ דיא בעסטיאלע קולות פון צארן און אויפרעגונג, וואס זיי אליין פלעגען ארייננשרייען אין דעם רעש פון שיסעריי, אום ניט צופלאצט ווערען פון דיא איננערלי־כע אנשטרענגונג און אויפרעגונג. זיי קומען אנגעלאדענע, וויא שלעפ־פערד, מיט א שווערע משא אויפ'ן געוויסען, א משא פון שרעק און שוידערהאפטען פון די ערשטוינטע בליקען פון דיא דערשראקענע, דער'הרג'עטע. און זיי וואגען ניט דעם מויל עפענען, ווארים פון יעדען איינעם, אפילו פון דער אייגענער פרוי און קינד, הערט מען אלץ דיא זעלבע זאך, דעם זעלבען טאן — נייגעריגע פראגעס וועגען קוילען, גאז־באמבעס און שלאכטען אויף שפיזען און שווערדען. דיא ווע־ניגע טעג פון אורלויב געהען אויף דיעזען אופן אוועק, און דער סאלדאט וואלט שוין געוואלט גיכער צוריקצוקעהרען זיך צום טוידט, אום וואס שנעלער לויז צו ווערען פון דער שאנדע צו זיין א פערמאסקירטער פייגלינג צווישען פריינד אין דער היים, ביי וועלכע טוידטען און שטארבען איז שוין א גע־וועהנליכע זאך געווארען.

אט ווי ס'דארף זיין, מיינע ליעבע דאקטוירים! ס'דארף זיין אן עהרע אנגערופען צו ווערען משוגע, ווען מ'רופט ניט משוגע יענע אלע מערדער, וועלכע האבען פערהארטעוועט דיא מענש־ליכע הערצער, האבען אויסגעראטען מיטלייד און איינגע־פלאנצט גרוויזאמע גאוה — מ'זאל שטאלצירען מיט דיא אונ־געהויערע ליידען, וואס מ'פערשאפט דעם שונא. ניכאי וואל־

טען זיי אנשטאט דעם בעסער געהאנדעלט אלס פערמיטלער צווישען די ליידענדע און מעכטיגע, און זעהן אויפוועקען דעם געוויסען פון דער וועלט דורך אומגעהן איבער דיא גאסען און איבעראל צווישען מענשען, און שרייען דורך א מעגאפאן הויך אויפ'ן קול „געהאקטע מענשען־פלייש", און שרייען אזוי לאנג, ביז אלע, וועמענס פאטערס, ברידער, מענער, זיהן, זיינען אוועק אין דער מתים־פאבריק, וועלען ענדליך אויפגעשוידערטע ווערען, און פון אלע העלזער איבער דער גאנצער וועלט וועט אבהילכען איין געשריי „געהאקטע מענשען־פלייש!"

געהאקטע מענשען־פלייש!

ווען איהר וואלט אט דא לעבען מיר געווען, מיינע ליעבע דאקטוירים, וואלט איך אייך געקענט בעווייזען מיין חבר. איהר וואלט זיין קערפער געקענט זעהן: דיא פלאמען פון מיין האס רופען איהם ארויס.—מיין האס נעגען די נייעם פון פראנט און געגען דיא גלייכגילטיגקייט פון דער איבעריגער וועלט. איך פיהל, וויא ער שטעהט אהינטער מיין פלייצע. אבער זיין געזיכט ליגט וויא א בלייכער וואסער־צייכען אויפ'ן וויסען בויגען פאפיער פאר מיינע אויגען. און מיין פען שרייבט שנעל צו באדעקען זיינע אויגען כאטש מיט בוכשטאבען און ניט זעהן דעם פארוואורף פון זיין בליק.

א גרויסער, ברייטער, העסליך־צוקרימטער פנים ווערט ביסלעכווייז דיקער, געשוואלענער און הויבט זיך פון פאפיער, און זעהט אויס וויא אן אויסגעמאהלענער געזיכט פון יעזוס'ען אויף א טיבעל.

דיא דריי קריעגס־קארעספאנדענטען האבען געזעהן ווי ער איז אט אזוי געלעגען ביים ברעג וואלד אין דעם זומער פריהמארגען — און זיי האבען זיך גלייך אבגעקעהרט פון איהם, וויא סאלדאטען אויף א באפעהל. געקומען זיינען זיי צו מיר: איך הגב עס בעדארפט זיי צושטעלען א וואגען און פערד, ווארים דער אטאמאביל, וואס האט בעדארפט זיי פיהרען בעקוקען דעם שלאכטפעלד, איז געלעגען מיט א צובראכענעם אקס אויפ'ן וועג נאך געריץ.

זעהר ליעבענסווירדיגע העררן, אין פיינע הויזען און

רייזע־היטלען. זיי האבען אויסגעזעהן וויא זיי וואלטען נאר וואס אראבגעטראטען פון לייוועגט פון א מואווינג־פיקטשור בילד. זיי האבען זיך פארגעשלאגען אבצופיהרען בריעף אדער איבערגעבען עפעס א שליחות.

יעדע זאך אין מיין פלאץ איז זיי שטארק געפעהלען געווארען, און זיי האבען אזוי הארציג געלאכט פון מיין מאטראץ פון ווערבע־צווייגען. בעזאנדערס האבען זיי ארויסגעוויעזען דאנקבארקייט, ווען דיא פוהר איז געשטאנען פארטיג אבצופיהרען זיי, איידער דיא איטאליענער האבען אנגעפאנגען דיא טעגליכע באמבארדירונג.

ארויספאהרענדיג פון וואלד איז זיי ווידער אויסגעקומען פארבייצופאהרען דעם פערוואונדעטען מאן מיט דעם העסליך־צוקרימטען געזיכט. ער האט געפויזעט אויף׳ן בויד. זיי האבען איהם אבער איצט ניט געזעהן. זיי האבען אבגעדרעהט דיא קעפ אין צווייטען זייט, אזוי וויא מ׳וואלט זיי עם באפעהלען, און גענומען אויפמערקזאם בעקוקען דעם חורבן, וואס א לופט־איבערפאל האט דארט נעכטען אנגעטהאן. דערביי האבען זיי היציג געמאכט מיט דיא הענד אריינגעטהאן אין א מין דעבאטע, וויא זיי וואלטען געזעסען ביי א טישעל אין א קאפע־הויז.

דער אטהעם האט מיר פערכאפט, אזוי וויא איך וואלט געלאפען א שטיק וועג ארויף בארג. דער פלאץ ארום מיר האט זיך מיר פלוצלינג אויסגעוויזען געענדערט, מאדנע פרעמד: איז דאס דער זעלבער שטיקעל וואלד, איבער וועלכען דיא גרויסע מאכיניעס, דיא קאפראני לופט מאשינען פלעגען אומפליהען מיט אויסגעשפרייטע פליגלען וויא רויב־פויגלען און ארונטערשליידערען באמבעס, און אונזערע מאשין־הארמאטען פלעגען שטראמען אויף זיי מיט א האגעל־שטורם פון קוילען? זיינען עס פון דאנען נאר וואס ארויסגעפאהרען דיא דריי העררן, געזונטע, מונטערע, ניט־געשעדיגטע, פאבענדיג מיט דיא היטלען? וואו איז דאס דיא וואנד וואס האלט אונז דא אלעמען וויא אין א תפיסה? איז ניטא ערגעץ א טהיר אויסער פאר ארויסצולאזען בלאסע פנים׳ער

מיט איינגעפאלענע באקען, ברענענדע אויגען, אדער צוקאַ־ליעטשעטע גליעדער?

דער וואגען האט זיך לייכט געטראגען ווייטער איבער׳ן פעלד, און ס׳האט אויסגעזעהן כמעט וויא א לוסט־רייזע.

זיי זיינען געפאהרען צוריק אהיים, דיעזע לייטע.

פיליייכט צו א פרוי און קינד?

ס׳האט מיר געגומען ציהען ביים הארצען און מיינע אוי־גען זיינען אזוי וויא צוגעטשעפעט געווארען צו דיא רעדער פון וואגען. מיין קערפער, האב איך דערפיהלט, איז אבגע־שפרונגען, וויא אן אבגעריסענער, צוריק אין פוסטקייט אריין, און — אין יענעם מאמענט, ווען מיין נשמה איז געווען וויא א צוריהעטע פון דעם וואגען און איז געלעגען נאקעט, שוץ־לאז פון בענקעניש — אין יענער רגע האט אויף מיר עפעס פלוצלונג א שפרונג געטהאן, איין שרעקליכער שפרונג, האט מיר דערלאנגט איין ביס, און איך בין אויפ׳ן גאנצען לעבען פערבליעבען אונהיילבאר.

ניט פארדעכטיגענדיג קיין זאך, בין איך אוועק צום פער־וואונדעטען מאן, פון וועלכען דיא דריי העררן האבען אזוי גראב אבגעקעהרט דיא קעפּ, אזוי וויא ער וואלט גאר ניט געהערט צו דער אינטערעסאנטער גאלעריע בילדער פון קווי־לען־לעבער, וואס זיי זיינען געקומען אנקוקען. ער איז געלע־גען לעבען דער שמוציגער שמאטע, די פאהן פון „רויטען קרייץ“, זיין קאפּ איינגענורעט צווישען דיא קניע, און האט ניט געהערט, אז איך בין געקומען. אהינטער איהם איז גע־ווען דער ברוינער שטיקעל פלאץ, וואס האט ארויסגעסטאר־טשעט פון דעם פערבליבענעם קיילעכדיגען גרינעם שטי־קעל פעלד. דיא פארוואונדעטע סאלדאטען, וואס פלע־גען זיך דא פערזאמלען יעדען באגינען, אום אבגעפיהרט צו ווערען צום פעלד־האספּיטאל און דיא פוהרען, וואס פלעגען אונז ברייננען אמוניציע, האבען דעם פלאץ אויסגעגלעטעט, אויס־געריבען, וויא א בעליעבטען ווינקעל אויף א סאפקע.

איך האב זיך שוין געגנוג אנגעזעהן צוקאליעטשעטע, וואס האבען אומגעפוויזעט וויא אט דער. צעהן־צוועלף שטונדען

נאכאנאנד פלעג איך עס זעהן. ווען דיא פוהרען פלעגען אבפאהרען צו־פריה, אדער אז זיי פלעגען זיין איבערגעפאקט. צי אז זיי פלעגען נאך א פירכטערליכע שלאכט שטעהן אין רייהע ביים אמוניציע־שפייכלער אהינטער דיא טראנשעעז. איינעגע פון דיא גנעקאליעטשעטע זיינען געוועזן גליקליכע — ס'האט זיי איבערגעבראכען א האנד, צי א פוס. אויף דער מלחמה שפראך האט עס געהייסען, אז זיי האבען געקראגען א „טויזענד דאלאר שאס". א שמייכעל האט געשימערט אויף זייערע בלאסע ליפען, און מיט קנאה האבען אויף זיי געקוקט דיא איבעריגע, וועלכע זיינען געוועזן בלויז לייכט פערוואונדעט, צי דיא וואס זיינען געוועזן עטוואס קראנק: זיי וואלטען אלע מיט פרייד אבגעגעבען טויזענד דאלאר און נאך אין צוגאב אן אבר, אבי ניט דארפען זיך צוריקקעהרען צום שלאכטפעלד. איך האב זיך שוין גענוג אנגעזעהן, וויא זיי פלעגען זיך וואלגערען און בייסען דיא ערד פון יסורים — פלעגען זיך וואלגערען אונטער א גוס־רעגען, האלב־בעגראבען אין בלאטע, מיט צוריסענע צולעכערטע קערפערס, קרעכצענדיג, יאמערענדיג, און פערשרייענדיג דעם שטורם.

דיעזער סאלדאט איז געוועזן ניט מעהר וויא לייכט פערוואונדעט אין דער רעכטער פוס. דיא בלוט האט אין איין ארט גערונען פון אונטער'ן באנדאזש, וואס איז אין איילעניש פערבונדען געווארען. האב איך איהם פארגעשלאגען דיא „ערשטע־הילף", וואס איך האב ביי זיך געהאט, וויא אויך אביסעל קאניאק און פאפיראסען. ער האט זיך אבער ניט א ריהר געטהאן אפילו. ווען איך האב ארויפגעלעגט כ'יין האנד אויף זיין אקסעל, האט ער אויפגעהויבען דיא קאפ — און דער פנים, וואס ער האט מיר בעוויעזען, האט מיר א שטוים געטהאן ,פונקט וויא ער וואלט מיר דערלאנגט א זעץ אין ברוסט.

זיין מויל און זיין נאז זיינען וויא פערנאנדערגעקראכען געווארען; זיי האבען זיך פערקרימט און פארדרעהט ארויף אויף דער רעכטער באק, וועלכע איז שוין מעהר קיין באק ניט געוועזן. זי האט אויסגעזעהן, וויא אן אויפגעשוואלענע בלוירויטע שטיק פלייש, באדעקט מיט א שטארקע אנגעצויגענע

הויט, וואס האט געגלאנצט און געהאלטען אזש ביים פלאַ־צען. דער גאנצער רעכטער זייט פון זיין געזיכט האט אויס־געזעהן מעהר וויא עפעס אן אומבאקענטע פרוכט פון א ווייַ־טען געגענד, איידער א מענשליכער פנים. דער לינקער זייט האט אזוי קלעגליך געציקט, און א טרויעריגע דערשראקענע אויג האט ארויסגעקוקט צו מיר.

א פירכטערליכער שרעק האט מיך וויא א פעטליע ארומ־געכאפט דאס האלז.

וואס איז דאס געווען?

אזא פורכטבארע זאך האט קיינמאל ניט אנגעזעהן אפילו דיא שלאכטפעלד, דיעזער פאדער־צימער צו „יענער זייט“. זאגאר דיא מאוים'דיגע עראינערונגען פון אן אנדער פער־וואונדעטען סאלדאט, וועלכער איז מיט א פאאר טעג צוריק געשטאנען אט דא אויף דעם זעלבען פלאץ טאקע, און האט אויסגעזעהן אזוי וויא ער וואלט מיט זיך פארשטעלען א בילד צום מאהלען און אין דער אמת'ען האט ער מיט דיא האנד גע־האלטען דיא אייגענע געדערים, וואס זיינען ארויסגעקראכען פון בויך — אפילו יענע מאוים'דיג־אבשייליכע עראינערונג איז געווארען מ א ט און האט אויסגעוועפט, ווען איך האב דערזעהן דיעזען צוויי־זייטיגען פנים — איין זייט האט מיט זיך דורכאויס פארגעשטעלט פריעדען, איידעלע מענשליכקייט, און דער צווייטער זייט דורכאויס מלחמה, א צוקרוטשעטע אויפגעבלאזענע געשטאלט פון טייוועלשער האס.

„שראפנעל?“ האב איך ציטריג ארויסגעשטאמעלט.

זיין ענטפער איז געווען א צופלאנטערטער, אהן א טאלק. אלעס, וואס איך האב פערשטאנען איז, אז א געפעהרליכע דום־דום קויל האט צושמעטערט דעם שיען־ביין אין זיין רעכ־טע פום. איך האב אבער ניט פערשטאנען וואס ער האט גע־האלטען אין בורטשען וועגען עפעס א קרוק: יעדען מאל, וואס ער האט צוגעטראגען דיא ציטערענדע האנד צו זיין גלאנציגע באק, האט ער דערמאנט דעם קרוק.

דיא שוידערליכע ערפאהרונג, וואס ער האט דורכגע־מאכט, האט נאך אלץ אזוי מורא'דיג געקאכט און געזאדען

אין זיינע אדערען, אז ער האט וועגען דעם גערעדט אזוי וויא דאס וואלט פארגעקומען פאר אונזערע אויגען און איך וואלט עס צוגעזעהן. זיין פויערשער מח האט עס ניט געקענט בעגרייפען, אז ס'זיינען נאך פאראן מענשען אויף דער וועלט, וואס האבען ניט געזעהן אדער געהערט פון די אונגעהויערע יסורים, וואס ער האט דורכגעליטען אין דיא לעצטע עטליכע שטונדען. פון זיינע ניט־קלאהרע אבגעריסענע זאצען, דורכגעמישט מיט גראבע קללות און קרעכצען, האב איך קוים צוזאמענגעשטעלט דיא פאלגענדע פאסירונג, וואס מיט איהם האט געשעהן.

נאכדעם וויא זייערע אן אטאקע אויף דעם שונא'ס טראנשעע איז צוריקגעשטויסען געווארען, איז ער א בעוואוסטלאזער און מיט א צובראכענע פוס אבגעלעגען א גאנצע נאכט לעבען אונזער געפלאכטענעם דראטען־צאם. באגינען האט מען ארויסגערוקט א לאנגען דראנג מיט א פארדרעהטען שפיץ, וויא א קרוק, מיט וועלכען מ'פארטשעפעט דיא טוידטע קערפערס און מ'שלעפט זיי אראפ אין טראנשעע, אום ארייננצואווארפען זיי אין א גרוב און פערשיטען, איידער זיי הויבען אן צו פוילען אויפ'ן זון. אט מיט דעם קרוק האט מען איהם דעם ערשטען מאל אנגעכאפט פאר'ן מויל און אבגעריסען א באק, איידער ס'איז געלונגען ארונטערצושלעפען איהם אין טראנשעע.

איצט האט ער זיך געבעטען רחמים, מ'זאל איהם שנעלער אוועקפיהרען אין האספיטאל, וייל ער האט זעהר ניט געוואלט פערבלייבען א הינקעדיגער בעטלער אויפ'ן גאנצען לעבען.

איך בין געשווינד אוועקגעלאפען, אזוי וויא משוגענע הינט וואלטען זיך געיאגט נאך מיינע פיאטעס; איך בין געלאפען איבער שטיינער, איבער בערגלאך, איבער ווארצלען. איך בין געלאפען שנעל דורכ'ן וואלד צו דער נעקסטער מחנה. אבער אומזיסט! אפילו קיין איין פוהר האט מען אין גאנצען וואלד ניט געקענט געפינען. דיא לעצטע פוהר האב איך עס אבגעגעבען דיא דריי קריעגס־קארעספאנדענטען.

ווארום האב איך זיי ניט געבעטען מיטצונעהמען מיט זיך אט דעם פערוואונדעטען מאן, וואס איז געלעגען אויפ'ן פעלד, און אבפיהרען איהם צום האספיטאל, וועלכען זיי איז אויסגעקומען פארבייצופאהרען? ווארום האבען זיי אליין ניט א טראכט געטהאן צו ערפילען זייער פפליכט צו א מענ־שען?

ווארום?

מיט מאכטלאזען צארן האב איך פארשטשעמעט דיא קולאקעס און זיך א כאפ געטהאן פאר'ן רעוואלוועך, אזוי וויא איך וואלט נאך געקענט דערשיסען דיא דריי לוסטיגע חברה־לייט ,וואס האבען זיך נאר וואס אוועקגעטראגען מיט דער פוהר.

סאפענדיג אהן און אטהעם, א צוהיצטער פון צופיעל לויפען, האב איך זיך וואקלענדיג אוועקגעשלעפט צוריק; דיא פיס האבען זיך מיר געטרייסעלט דיא גאנצע וועג. איך האב זיך געפיהלט אין גאנצען א ניעדערגעשלאגענער, אזוי וויא איך וואלט אויף מיינע אקסלען געטראגען א ריעזיגע משא, א טויזענד־פודיגע בילד פון מענשען, וואס פאנגען בר־מינן'ס, שלעפען פגרים.

ס'האט מיר גענומען מאדנע שטיקען און קאלופען אין האלז, — פון קינדהייט אן האב איך עס ניט געפיהלט — ווען איך בין צוריק געקומען צו מיין פאסטען און געדארפט זיך צו־הערען וויא דער הילפלאזער פערוואונדעטער יאמערט שטילער־הייד.

ער איז שוין איצט ניט געווען אליין. אין דער צייט פון מיין אבוועזענהייט זיינען צו איהם צוגעקומען עטליכע לייכט־פערוואונדעטע סאלדאטען. קוקענדיג פון ווייטען, פון צווישען דיא בוימער, האב איך געזעהן וויא זיי זיצען אין א רעדעל אויפ'ן פעלד, און דער סאלדאט מיט דער אבגעריסע־נער באק האט ארומגעשפרונגען און זיך געהאלטען פאר דער צובראכענער פוס, און דיא קאפ זיינע האט אומגעבאמבעלט פון איין אקסעל צום צווייטען.

צו מיטאג צו האב איך אוועקגעשיקט מיינע קאפראלנע.

זיי זאלען אויפזוכען א פוהר, פארשפרעכענדיג זיי דערפאר א גרויסע בעלאהנונג, און איך בין דערווייל אוועק מיט מיין פלעשעל בראנפען צו דיא פערוואונדעטע אויפ'ן פעלד.

ער איז שוין מעהר ניט ארומגעשפרונגען. אין מיטען פון א רעדעל פערוואונדעטע איז ער געשטאנען אויף דיא קניע, אנגעבויגען ביז צו דער ערד, און זיין קאפ האט זיך אומגע־קייקעלט אויף דער ערד, אזוי וויא זיא וואלט געוועזן א בעזונ־דער זאך פאר זיך, אבגעריסען פון קערפער. פלוצלינג האט ער א שפרונג געטהאן מיט אזעלכע שרעקליכע קולות, אז דיא איבעריגע פערוואונדעטע, וועלכע זיינען ביז איצט געזעסען גלייכגילטיגע, טראכטענדיג בלויז פון דיא אייגענע יסורים, זיינען געווארען צושראקענע און האבען גענומען עפעס מורמלען.

דאס איז שוין געוועזן איבערנאטירליך שוידערליך, בלוט פערגליווערענד: דיא הויט אויף זיין געזיכט האט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען, ניט געקענט מעהר צוציגען ווערען, און האט געפלאצט. דיא ברייטע שפאלטען האבען זיך גע־צויגען אין אלע זייטען, וויא דיא שפייכעס פון א רעדעל, און אין מיטען האט ארויסגעשפארט דיא רויהע גלאנציג־רויטע פלייש.

און ער האט געשריען מיט קולות! און געטראסקעט מיט'ן קולאק אויף דעם ריעזיג־געשוואלענעם בלאהליך־רויטען נוז, ביז ער איז ווידער אנידערגעפאלען אויף דיא קניע, קרעכצענדיג פון דיא אונערטרעגליכע וועהטאגען.

ס'איז שוין געוועזן נאכט, ווען א פוהר איז ענדליך געקור־מען און אוועקגעפיהרט איהם. און ווען דער אבענד האט גע־נומען לאנגזאם אויסשפינען אין וואלד דעם נעבעל־געוועב, און איך בין געלעגען איינגעוויקעלט אין א הורבע קאלדרעס, נעלעגען און געווארט, — דער איינציגער צווישען דער מחנה פינסטערע בוימער־שטאמען, וואס האבען זיך אין דער פינ־סטער גענורעט נעהענטער איינער צום אנדערען — איז ער ווידער געקומען און זיך אוועקגעשטעלט גלייך, וויא שטייף־פערגליווערט, אין דעם שיין פון דער לבנה, און זיין צוריסענע

צוקאליעטשעטע באק, דיא גרויס וויא א קירבעס, האט בלויז געגלאנצט אין שווארצע שאטען פון דיא בוימער. ס'האט געשימערט, וויא א בלאנדזשענדער פייערל אויף א זומפּ, אמאל דא, אמאל דארט. נאכט נאך נאכט אזוי. ס'האט אריינגעלויכטען אין מיין יעדען חלום, ביז איך האב מיט געוואלד אויפגעריסען מיט דיא פינגער דיא ברעמען פון מיינע אויגען, איך זאל ניט שלאפען. צעהן שוידערליכע נעכט אזוי, ביז איך האב צוזאמענגעבראכען, אנידערגעפאלען, און מ'האט מיר אוועקגעפיהרט, א צולאהמטען פון קאנוואולסיעס, אין דעם זעלבען האספּיטאל, אין וועלכען „ער" איז אויסגעגאנגען פון בלוט־פערגיפטונג.

און איצט בין איך א משוגענער! איהר קענט עס איבערלעזען, ס'איז אויפגעשריעבען שווארץ אויף ווייס, אויפ'ן איבערשריפט איבער מיין בעט. זיי לאסטשען מיר, גלעטען מיר איבער'ן פּלייצע, און סטארען זיך צו בערוהיגען מיר, וויא א צושראקענעם זנאראוועטען פערד, ווען איך שפּרינג אויף א צוקאכטער און בעט מ'זאל מיר פון דאנען ארויסלאזען און איינשפּארען דא דיא א נ ד ע ר ע.

אבער די אנדערע געהען אום פריי! פון פענסטער קוק איך איבער'ן וואנט פון גארטען אין גאס אריין און זעה, ווי זיי איילען זיך אלע פארביי, ציהען די היט, דריקען זיך איינע די אנדערע די הענד און שפּארען זיך לעבען די בוללעטין־ברעט. איך זעה קאסטיום־געקליידעטע פרויען און מיידלעך, ווי זיי טראגען זיך ליכט אויף די טשיפּקעס פארביי מיט א גאוהמינע אין די אויגען, ווייל זיי געהען געארעמט מיט מענשען. ביי וועמען די מעדאלען אויפ'ן ברוסט שטעמפּלען זיי אלס העלדען. איך זעה אלמנות אין לאנגע שווארצע וואלען. ביי וועמען דער געדולד האט נאך ניט געפּלאצט. איך זעה בחורים'לאך מיט בלומען אין די פאנצער־היטלען, פארטיג אבצופאהרען צום שלאכטפעלד. און קיין איינער פון זיי רעוואלטירט ניט! קיין איינער פון זיי זעהט ניט קיין צוהרג'עטע, צוקאליעטשעטע מענשען, וואס נורען זיך אין פינסטערע ווינקעלאך, מענשען צוריסענע פון קרוקעס, מענשען

מיט ארויסגעשפּארטע קישקעס, מענשען מיט גלאנציג־בלויע רויהע פלייש אין די באקען.

זיי געהען פארביי מיין פענסטער, מיט פרעהליכע בעגייסטערטע העויות ווארים די ענטהוזיאסטישע פראזען קומען אלע טאג שפּאגנעל־נייע, פריש־געבאקענע פון דער מלחמה־פאבריק, און יעדער איינער פיהלט זיך בעשיצט. ווארים צוגעדעקט פון א הסכמה, ווען די פראזען קומען קלאר ארויס פון זיינע ליפען. איך וויים, אז זיי האלטען דאס מויל אפילו ווי׳ן זיי וואלטען געוואלט רעדען, שרייען, קלאגען. איך וויים ווארום זיי פערפאלגען די וואס ווילען ניט געהען אין דער מלחמה, און ווארום זיי וואגען ניט צו בעליידיגען די יעניגע, וואס זיינען טויזענד מאל ערגערע פייגלינגע, וואס פערשטעהען גאנץ גוט וואס פאר אן אונזין דיעזע שחיטה פון מיליאָנען מענשען איז, און דאך עפענען זיי ניט דעם מויל, ווייל זיי האבען מורא געטאדעלט צו ווערען פון דעם דומען המון.

פון מיין פענסטער זעה איך די גאנצע וועלט זיך דרעהען ווי א פערריקטע קארוסעל, געטריבען פון איין זייט פון די גאוה'דיגע העררען, וואס טהוען עס צוליעב זייערע אייגענע נוצען, און פון צווייטען זייט פון די פארקויפטע שקלאפען, וואס פאלגען אלעם מיט לאקייעסקע הכנעה און געהארכזאמקייט.

איך זעה די גאנצע באנדע! די שרייער און טומלער, וואס זיינען צו פוסט און צו פויל אליין צו דענקען, און זיי בעפוידערען זיך מיט׳ן בלישצענדען לויב־געזאנג וואס ווערט געגעבען די גאנצע סטאדע זייערע. די ניעדערטרעכטיגע ליידאקעס, וואס ווערען בשיצט פון די מאסען, ווערען פון זיי געשפייזט און געטראגען אויף די הענד; וואס טראכטען אוים עפעס א גייסט, א שד, קוקען אויף איהם מיט עהרפורכט און פערגעטערונג און שמועסען איין מיליאָנען מענשען, קלאפען זיי אריין אין די קעפ צו פערגעטערען אָט דעם אויסגעטראכטען שד. איך זעה ווי דער גאנצער טייוועלשפיעל טראגט זיך אין בלוט און טויט־יסורים. איך זעה ווי די צו־

שויער געהען גלייכגילטיג פארביי, און מיר רופט מען משוגע. ווייל איך עפען די פענסטער און שריי צו זיין און זאג זיי אז די זיהן וואס זיי האבען געבוירען און געהאדעוועט, די מענשען, וואס זיי האבען ליעב, ווערען געטריעבען ווי ווילדע חיות, ווערען געשאכטען ווי בהמות און אקסען.

אט דערפאר רופען זיי מיר משוגע!

אט די נאראנים, וואס צוליעב א פריינדליכע מינע אדער א גוט ווארט פון די בכבוד'ע הערען זיינען זיי מקריב זייערע לעבענס, שפרינגען אין די עלעקטרישע דראטען־צאמען, גיבען אוועק לייב און לעבען און פוילען ווי פגרים אויף די פעלדער, לאזען זיך אויסרייסען באקען, און זיי האבען בלויז איין טרייסט, אז דער שונא ליידעט אויך אזוי— אט די נאראנים געהען אום פריי און מיט זייער פערדאר־בענער געדולד און פערעכטליכער לייכטזיניגקייט ברענגען זיי יעדען טאג פרישע טויזענדע קרבנות פאר דער מאוים־דיגער שחיטה. אבער איך מוז דא פערבלייבען מאכטלאז— איינער אליין כיט מיין גרויזאמען חבר, וועלכער ווערט יעדען טאג אויף דאס נייע געבוירען פון מיין געוויסען.

איך שטעה ביי מיין פענסטער, און צווישען מיר און דער גאס זעה איך א הויכע הורבע הרוגים פון די, וואס איך האב געזעהן אויסגעהען פערבלוטיגטע, צומורשטע. און איך שטעה און האב קיין כח ניט עטוואס צו טהאן.—ווייל מ'האט ביי מיר צוגענומען דעם רעוואלווער, וועלכען מען האט מיר פריהער געגעבען צו שיסען שטילע בענקענדע יונגע לייט. וועלכע מ'האט אנגעטהאן אין שינעלען און מיט געוואלט אוועקגעשיקט אין שלאכט. מ'האט ביי מיר אוועקגענומען דעם רעוואלווער, ווייל מ'האט מורא געהאט, טאמער דערשיס איך עמליכע מערדער אלס א ווארנונג צו די איבריגע.

מוז איך, אלזא, דא בלייבען הינטער אייזערנע גראטעס, ווייל מיר ווילט זיך עפענען די אויגען די בלינדע. און אלץ, וואס איך קען אויפטהאן, איז צו שרייבען אלע טאג אט די־זעלבע זאך און ארויסווארפען די בלעטלאך אין דרויסען, דעה ווינט זאל זיי ערגעץ פערטראגען.

איך וועל אבער שרייבען אונערמיעדליך, אהן אויפהער. איך וועל פערזעען די גאנצע וועלט מיט דיעזע בלעטלעך, ביז דאס וועט אויפשפראצען אין יעדער הארץ, ביז אין יעדען שלאפציממער וועט מען זעהן א בלויען גייסט—עפעס א קרוב צו א פריינד, וואס ווייזט זיינע וואונדען; און ענדליך, ענדליך, אלס א גלארדייכער געזאנג פאר דער וועלט'ס אויסלעזונג, וועט אונטער מיין פענסטער אבהילכען א צארנדיגער אויסגעשריי פון מיליאנען העלזער:

„געהאקטע מענשען־פלייש!"

V

# דער טויט פון אַ העלד

דער שטאַב־דאָקטאָר האָט ניט פאַרשטאַנען וואָרום דער חולה מאַכט אַזעלכע ווילדע קולות. אַ געערגערטער האָט ער אַ דרעה געטהאָן די קאָפּ און מיט אַ פראַגע־מינע אַראָפּגעקוקט איבער די ראַמען פון זיינע אויגען־גלעזער צו זיין אַרויסהעלפער. אָבער זיין אַרויסהעלפער האָט אויך ניט געקענט געבען קיין ערקלערונג. און איבערראַשטער איז ער געשטאַנען גלייך אויסגעצויגען ווי אַ דראַנג און האָט גאָר ניט געזאָגט.

דער איינציגער, וואָס האָט עפּעס געוואוסט, וואָרום ער רעוועט אַזוי, איז געווען זיין דיענשציק. וואָרים צוויי טרעהרען האָבען געבלישצעט אויף זיינע פערדרעהטע וואָנצעס. דער דיענשציק האָט אָבער גערעדט ניט מעהר ווי אונגאַריש, און דער שטאַבס אָפּיציער האָט זיך אָבגעקעהרט פון איהם, אַ בורטשע טהאַנדיג „אידיאָט". בעגלייט פון זיין אַרויסהעלפער מיט פלאַקסענע האָאר, איז ער אַ פּאַרסאָפּעטער, אַ פאַרשוויצטער אוועק צום אָפּעראַציאָנס צימער.

דער חולה, ווי דער אויפשריפט איבער זיין בעט האָט געלויטעט, איז געווען אָטטאָ קאָדאָר, ערשטער לייטענאנט פון רעזערוו, פון דעם —טען רעגימענט פון דער פעלדארטילעריע. אַרום זיין קאָפּ איז געווען אַ ריעזיגער קנויל וואַטע. זיין דיענשציק מישקאַ האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין ראַנעט, אַריינגענומען די קאָפּ צווישען זיינע גרויסע ניט־געוואשענע הענד און זיך פאַרטראַכט.

ער האט קלאהר געזעהן, אז זיין הערר, דער לייטענאנט קען שוין לאנג ניט ציהען. ער האט געזעהן דעם צושמעטער־טען שארבען און די שרעקליכע גרויע קאשע אונטער די בלו־טיגע שערבלעך — זיין לייטענאנט'ס מארך. ער איז אזא גוטהערציגער מענש, דער לייטענאנט,, ער וועט שוין קיינ־מאל אזא גוטען בעל הבית ניט קריגען: וויפיעל פעניצעס װאורשט דער לייטענאנט האט עם איהם געגעבען פון זיינע אייגענע שפייז, די איידעלע, פריינדליכע ווערטער וואס ער, דער לייטענאנט, פלעגט אריינשושקען יעדען פערוואונדעטען סאלדאט — אלע עראינערונגען פון די לאנגע בלוטיגע מאנא־טען, וואס ער האט פארבראכט לעבען זיין הערר כמעט ווי א חבר, זיינען איהם ארויף אויפ'ן זינן, און ס'איז איהם געווארען שרעקליך א שאד פאר זיך זעלבסט: ער האט זיך דערפילט אונענדליך שוצלאז געגען דער ריעזיגער מלחמה־מאשין, אין וועלכער ער וועט איצט אריינגעווארפען ווערען אהן דער שטי־צע פון זיין גוטען בעל הבית.

מיט זיין ברייטער מוזשיצקער קאפ צווישען די לאפעס האט ער זיך ווי א הונד געגורעט ביי די פיס פון דעם שטער־בענדען מאן און די טרעהרען האבען זיך איידעל געקייקעלט איבער זיינע באקען און זיך געקלעפט איינער נאך'ן אנדע־רען צו די עקען פון די וואנצען, וועלכע זיינען געווען צונויפ־געקלעיעט פון שטויב און פאמאדע.

מישקא אליין האט אייגענטליך אויך ניט פארשטאנען, ווארום דער לייטענאנט האט אזוי שרעקליך געשריען און גע־פאדערט זיין פאנאגראף. געוואוסט האט ער נאר, אז די אפי־ציערען זיינען אלע געזעסען אונטער א שוץ־וואנד און זיך צו־געהערט צום „ראקאטשי מארש"*), וואס דער פאנאגראף האט געשפיעלט; און פלוצלינג האט א באמבע זיי געטראפען און געפלאצט, און די ערד האט אויפגעריסען און אלעס איז איינגעוויקעלט געווארען אין רויך. ער אליין איז אוועקגעפא־לען בעוואוסטלאז: א ברעט האט פון ערגעץ א פליה געטהאן

*) פאטריאטישער געזאנג.

און געטראפען איהם אין פלייצע. איז ער אומגעפאלען אויפ'ן פנים און א לאנגע צייט אפגעלעגען ביז ער איז געקומען צו זיך.

דאן, דאן — ווייטער „עדענקט ער שוין ניט קלאר. ער געדענקט בלויז, אז ער האט געזעהן א שרעקליכען מיש־מאש, אז אומגעלומפערטע הורבע פון צוריסענע, צושפאלטענע ברעטער, שפענער, קלעצער, שטאנגען, שמאטעס, צעמענט, ערד, אפגעריסענע מענשליכע גליעדער, לוזשעס בלוט. ווייטער, געדענקט ער, האט ער געזעהן דעם יונגען מעלצאר. מעלצאר איז נאר אלץ געזעסען מיט'ן פלייצע אנגעשפארט אז דער פערבליבענער שטיקעל וואנד. און אויפ'ן פלאץ פון זיין קאפ איז געווען א רעקארד פון פאנאגראף, וואס האט געשפיעלט דעם „ראקאטשי מארש", און איז ווי דורך א נס פארבליבען גאנץ. די קאפ איז מעהר ניט געווען אויפ'ן האלז; די קאפ איז ערגעץ פארשוואונדען געווארען, און אויפ'ן האלז איז געלעגען דער שווארצער רעקארד. דער רעקארד איז געווען אנגעשפארט אז וואנד און איז געלעגען אויפ'ן פערבלוטיגטען קאלנער. דאס איז געווען שוידערליך, מאוים'דיג, קיין איין סאלדאט האט ניט געוואגט אנריהרען דעם קערפער, וואס איז געזעסען ווי פארגליווערט גלייך, און מיט'ן רעקארד, אנשטאט א קאפ, אויף'ן האלז.

ברררר ! א קאלטער שוידער, א סקרוד איז מישקא'ן אריבער איבער'ן לייב ביי דיעזער ערֿאינערונג, און זיין הארץ האט אויפגעהערט צו קלאפען, ווען דער לייטענאנט האט אין דיעזען מאמענט גענומען מאכען קולות :

„א פאנאגראף ! נאר א פאנאגראף !"

מישקא איז אויפגעשפרונגען און האט געזעהן, ווי דער ריעזיגער קנויל וואטע האט זיך מיט מאטערניש אויפגעהויבען פון קישען און זיין פערבליבענע איין אויג האט זיך זשעדנע איינגעגעסען אין עפעס אונזיכטבארעס אין דער לופטען. ער איז געשטאנען א פארשעהמטער, ווי ער וואלט געווען שולדיג אין עפעס א פארברעכען, ווען פון אלע זייטען האבען זיך אויף איהם גענומען שיטען אויבגעבראכטע בליקען.

„דאס איז אונערטרעגליך!“ האט פון צווייטען עק אויס־געשריען א שווער פארוואונדעטער מאיאר, „פיהרט דעם מאן ארויס!“

דער מאיאר האט אבער גערעדט דייטש, האט מישקא קיין ווארט ניט פארשטאנען. מישקא האט אפגעווישט דעם שוויים פון שטערען און ערקלעהרט צו א לייטענאנט אין דער דערבייאיגער בעט — ווי באלד זיין הארר האט סאי ווי ניט געקענט הערען — אז דער פאנאגראף איז צובראכען געוואָרען, צובראכען געווארען אין א טויזענד שטיקער, אז ניט וואלט ער עס ניט איבערגעלאזען, ער וואלט עס זיכער מיט־געבראכט מיט דעם לייטענאנט'ס אלע אנדערע חפצים. וואס ער האט אויפגעזוכט און מיטגעשלעפט.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. פונקט ווי אויף א בעפעהל האט יעדער אפיציער אונטערגעשטופט די קאפ אונ־טער'ן קישען און אריבערגעדעקט זיך מיט'ן קאלדרע, אום ניט צו הערען דעם אימה'דיגען גארגעלדיגען געלעכטער, וואס איז באלד פערוואנדעלט געווארען אין א רעווען און א ווילדען יא־מער נאך'ן פאנאגראף. דער אלטער מאיאר האט זאגאר ארומ־געוויקעלט דעם בלוט־בעפלעקטען מאנטעל ארום קאפ ווי א טורבאן.

„לייטענאנט! ענטשולדיגט, לייטענאנט —“ האט זיך מישקא געבעטען און האט מיט זיין גרויסער הארטער האנד זעהר דעליקאט געגלעט זיין האר'ס ציטערענדע קניע.

לייטענאנט קאדאר האט אבער גאר ניט געהערט, און ניט געפיהלט אפילו מישקא'ס שווערע האנד אויף זיינע קניע. ווארים אנטקעגען זיך האט ער נאך אלץ געזעהן דעם יונגען מעלצאר מיט דער פלאכער, שווארצער, קיילעכדיגער קאפ אויפ'ן האלז — די קאפ, אויף וועלכער דער „ראקאטשי מארש“ איז אין רונדע רעדער־פערמיגע ליניעס געוועזן איינ־געגראווירט. און מיט אמאל האט דער אפיציער בעגריפען, אז פאר די לעצטע זעקס מאנאטען האט מען געגען מעלצאר'ן באגאנגען א שווערע אונגערעכטיגקייט. ווי אזוי האט ער גע־

באך געקענט זיין ניט קיין שוטה, ניט פול מיט נארישע. קלינגענד־פאטריאטישע פראזען ? ווי אזוי האט ער געקענט האבען קליגערע געדאנקען, אז די קאפ זיינע איז ניט מעהר ווי א רעקארד אויף די אקסלען ? ארימער מעלצאר, געבאך !

לייטענאנט קאדאר האט פשוט ניט געקענט פארשטעהן, וואס מיט זעקס מאנאטען צוריק, גלייך ווי מעלצאר איז אנגעקומען אין זיין באטערע, האט ער זיך גלייך ניט געכאפט, וואס מ'האט מיט מעלצאר'ן געטהאן הינטער די רייהען.

מ'האט איהם ארויפגעזעצט אן אנדער קאפ.

מ'האט אפגעשרויפט די שעהנע, ליעבע יונגע קאפ פון אן אכצעהן יאהריגען בחור'ל און אויף איהר פלאץ ארויפגעזעצט א שווארצע צוקראצטע רונדע פלאטע, וועלכע האט קיין זאך ניט געקענט טהאן אויסער קוויטשען דעם „ראקאטשי מארש“.

אט דאס איז איצט בעוויזען געווארען !

ווי דער בחור האט עס געמוזט געבאך לײדען יעדען מאל, וואס זיין אויבער־אפיציער, מיט צוואנציג יאהר עלטער פון איהם, פלעגט פאר איהם האלטען לאנגע דרשות וועגען מענשליכקייט ! מיט דער פלאכער רונדער פלאטע, וואס מ'האט איהם ארויפגעטהאן אנשטאט א קאפ, האט ער, פארשטעהט זיך, ניט געקענט באגרייפען, אז די איטאליענישע סאלדאטען, וועלכע מ'טרייבט דא פארביי, מיט'ן געוויר פון בלוט אויף די טראנטעס, וואס זיי טראגען, וואלטען אויך גרייליך פערבליבען אין דער היים, ווען דער אויפרוף אויפ'ן ראג גאס וואלט זיי ניט געצוואונגען זאפארט צו פארלאזען זייערע היימען. פונקט ווי די מאביליזאציע אין אונגארן האט געצוואונגען די אונגארישע יונגע לייט צו פארלאזען זייערע היימען.

איצט האט לייטענאנט קאדאר צום ערשטען מאל בעגריפען ווארום דער יונגער מאן איז געווען אזוי איינגעשפארט געגען איהם. איצט האט ער ענדליך פארשטאנען, ווארום דיזער יונגערמאן, וועלכער האט לויט זיינע יאהרען געקענט זיין זיין זוהן, האט אזוי איגנארירט אלע זיינע בעפעהלע און

ערקלעהרונגען. און האט שטענדיג געענטפערט פייפענדיג דעם „ראקאטשי מארש“ דורך פארשצעמטע צייהן און שי־פענדיג די אויסגעדראשענע פראזע „די הינט דארפען דער־שאסען ווערען“.

האט זיך, אלזא, מעלצאר אויפגעפיהרט אזוי ניט ווייל ער איז געווען יונג און נאריש, ניט ווייל ער איז געקומען גלייך פון דער מיליטערישער אקאדעמיע צו די טראנשעען, זאנדערן דער פאנאגראף־רעקארד איז געווען שולדיג אין אלעם — דער פאנאגראף־רעקארד!

ליימענאנט קאראר האט געפיהלט ווי זיינע אדערען צי־הען זיך אן ווי שטריק און די בלוט שלאגט אין זיינע שלייפען ווי האמערען אויף א קאוואדלע — אזוי שטארק און ברענענד איז געווען זיין צארן געגען די לייטע, וואס האבען אויף אזא ניעדערטרעכטיגען, פערדעטהערישען אופן אבגעשרויפט מעל־צאר׳ס פראכטפאלע יונגע קאפ פון זיין קערפער.

און דאס שווידערליכסטע, דאס מאוים׳דיגסטע איז גע־ווען, וואס איהם האט זיך איצט אויסגעדוכט, אז אלע זיינע אונטערגעארדנעטע און חברים־אפיציערען געהען אום פונקט ווי מעלצאר אהן קעפ אויף די אקסלען. ער האט צוגעמאכט די אויגען און געפרובירט זיך דערמאנען, ווי אזוי ס׳זעהען אויס זיינע ארטילעריסטען, און האט בשום אופן ניט געקענט זיך פארשטעלען זייערע פנים׳ער. קיין איין געזיכט האט ער זיך ניט געקענט דערמאנען. מאנאטען לאנג האט ער מיט זיי פארבראכט און האט ביז איצטיגער רגע ניט געוואוסט, אז קיין איינער פון זיי האט ניט קיין קאפ אויף די פלייצעס. אויב יא, וואלט ער דאך זיכער געדענקט, צי זיין ארטילע־ריסט האט וואנצען צי ניט, אדער צי דער ארטילעריע־קאפי־טאן איז א בלאנדער צי א ברונעטער.

ניין! קיין זאך האט זיך ניט בעוויזען אין זיין דמיון — קיין זאך. א חוץ די פאנאגראף־רעקארדען. העסליכע, שווארצע, רונדע פלאטען, וואס ליגען אויף בלוטיגע בלוזעס.

ער האט פלוצלונג דערזעהן דעם גאנצען געגענד פון אי־סאזנא, ליגענדיג אויסגעשפרייט פאר זיינע אויגען ווי א

ריעזיגע לאנד־קארטע, וויא ער פלעגט עס אפט זעהן אין איל־לוסטרירטע צייטונגען. דער טייך האט זיך ווי א זילבערנע לענטע געצויגען צווישען די בערג און וועלדלאך, און לייטע־נאנט קאדאר האט זיך אויסגעדוכט, אז ער פליהט הויך אריבער דעם גאנצען רעש און געפילדער אונטען — ער פליהט אהן אן עראפליין, אהן שום מאשין, בלויז מיט דער הילף פון זיינע אויסגעשטרעקטע ארעמס. און ווי ער האט נאר א קוק געטהאן אויף יעדען בערגעל, אין יעדען טהאל, אין יעדען ווינקעל, האט ער געזעהן ווי ס'וואקסען פון דר'ערד ארויס הערנער פון מאססען, מאססען פאנאגראפען. טויזענדער, טוי־זענדער השוינער, העל־לאקירטע, מיט בעגולטע עקען האבען פעררריסען די מיילער צו איהם, און ארום יעדען איינעם האט געשווילבעלט און געגריבעלט א מוראוויניק פון פארהאוועטע ארטילעריסטען, וואס האבען געשלעפט פולווער און קוילען.

און איצט האט לייטענאנט קאדאר געזעהן קלאהר, אז אט די אלע מענשען טראגען רעקארדען אנשטאט קעפ אויף זייערע העלזער, פונקט ווי מעלצאר. קיין איינער האט ניט געטראגען אויף זיך די אייגענע קאפ. אבער ווען די קוילען האבען מיט א קראך ארויסגעפלאצט פון די לאקירטע הערנער און אריינגעפלויגען גלייך אין דעם בערגעל מוראשקעס, זיי־נען דאן גלייך צובראכען געווארען די פלאכע שווארצע פלא־טען און אין דערזעלבער רגע זיך צוריק פערוואנדעלט אין אמת'ע קעפ. פון דער הויך האט לייטענאנט קאדאר געזעהן ווי פון די צושמעטערטע פלאטען שפארט ארויס מארך און די גלאטע אויבערפלעכעס פערוואנדלען זיך זאפארט אין אש־גרויע, יסורים'דיגע מענשליכע געזיכטער.

אלץ איז מיט אמאל קלאהר געווארען פאר דעם שטער־בענדען לייטענאנט — אלע סודות פון דער מלחמה, אלע פרא־גען, איבער וועלכע ער האט מאנאטען לאנג געטראכט. ער האט איצט געהאט די לעזונג צו דער רעטעניש. אט די אלע לייטע האבען אפנים ניט צוריקגעקראגען זייערע קעפ, ביז זיי האבען געהאלטען ביים שטארבען. ערגעץ ווייט אהינטער, אהינטער די שלאכט־ליניעס, האט מען אבגעשרויפט זייערע

קעפ און ארויסגעזעצט אויף זייער ארט רעקארדען. וואס האָ־
בען געקענט בלויז זינגען דעם „ראקאטשי מארש". דאן האָט
מען זיי צונויפגעפאקט אין וואגאנעס און אָבגעשיקט צום
שלאכטפעלד, ווי מעלצאר'ן, ווי איהם זעלבסט, ווי אנדערע.

מיט ווילדען צאָרן האָט דער קנויל וואטע זיך ווידער א
ריס געטהאָן אין דער הויך. לייטענאנט קאדאר האָט געוואָלט
ארויסשפּרינגען פון בעט און געהן אנטפּלעקען דעם סוד צו די
סאָלדאטען, און הייסען זיי, זיי זאָלען פאָדערען צוריק זייערע
קעפּ. ער האָט געוואָלט געהן ארייננשושקען דעם סוד יעדען
איינעם איבער'ן גאנצען פראָנט, פון פלאווא ביז ארונטער צום
ים. ער האָט געוואָלט זאָגען יעדען ארטילעריסט, יעדען
סאָלדאט אין דער אינפאנטעריע און אפילו די איטאליענער
אויף יענעם זייט אויך! אפילו די איטאליענער האָט ער עס
געוואָלט דערצעהלען. ביי די איטאליענער זיינען אויך גע־
ווען רעקאָרדען צוגעשרויפט צו די העלזער. און זיי דארפען
אויך געהן צוריק אהיים, נאך וועראָנא, ווענעציע, נעאפּאָל,
וואו זייערע קעפּ ליגען פערבאהאלטען אין גרויסע הורבעס
אין שפּייכלערס ביז די מלחמה וועט זיך ענדיגען. לייטענאנט
קאדאר'ן האָט זיך שטארק געוואָלט לויפען פון איין מאן צום
צווייטען, צו א פריינד און צו א שונא, און העלפען יעדען
איינעם צוריק קריגען זיין קאָפּ.

מיט אַמאָל האָט ער אָבער בעמערקט, אז ער קען ניט
געהן, און אז ער פליהט שוין מעהר ניט אין דער הויך. א
שווערער אייזערנער געוויכט האָט צוגעקלאמערט זיינע פיס
צום בעט אום ניט צו דערלאָזען איהם געהן ענטפּלעקען פאר
אלעמען דעם גרויסען סוד.

נו, דאן וועט ער עס כאָטש אויסשרייען אין דער הויך,
מיט אן איבערנאטירליך־הויכען קול, וואָס זאָל זיך הערען הע־
כער פון דעם קראַכען און פּלאַצען פון די באָמבעס און דעם
שאַלען פון טרומייטען אין דעם יום הדין, און פערשפּענטלי־
כען דעם אמת פון פלאווא ביז טריעסט, זאגאר ביז טיראָל.

ער וועט אזוי הויך שרייען, ווי קיינער האט עס נאך קיינמאל ניט געשריען:

„פאנאגראף! ברענגט די קאפ! פאנאגראף! —"

דא האט זיך זיין קול פלוצלונג אין מיטען איבערגעריסען מיט א גארגלענדען קלאנג פון טוידט - יסורים. דער וועה־טאג איז געוועזן צו־גרוים. ער האט ניט געקענט שרייען. ביי יעדען ווארט האט ער געפיהלט אזוי ווי א שארפע נאדעל שטעכט זיך איהם אריין טיעף אין מארך.

א נאדעל?

נו, פערשטעהט זיך! ווי אזוי האט ער עס געקענט פארגעסען? זיין קאפ האט מען אויך אפגעשרויפט. ער האט אויך געטראגען א רעקארד אויפ'ן האלז, ווי די איבע־ריגע. ווען ער האט, אלזא, געפרובירט עפעס זאגען, האט די נאדעל זיך אריינגעלאזען אין זיין שארבען און בארמלאז דורכגעשטאכען דעם מארך.

ניין! ער קען עס מעהר ניט פארטראגען! ער וועט בע־פער שווייגען — האלטען פאר זיך דעם סוד, אבי ניט פיה־לען דעם וועהטאג, דעם אונערטרעגליכען ווילד - מאכענדען וועהטאג אין קאפ!

די מאשין איז אבער געגאנגען, די פאנאגראף־רעדעל האט זיך געדרעהט. ליוטענאנט קאראר האט זיך אנגעכאפט מיט ביידע הענט פאר'ן קאפ און האט זיך טיעף איינגעגרא־בען מיט די נעגעל אין זיינע שלייפען. אויב ער וועט ניט אפסטאפען די מאשינקע פון דרעהען זיך, וועט דאך די קאפ זיינע זיך אבדרעהען פון האלז, וועט איבערברעכען די האלז.

פון די יסורים האבען קאלטע טראפענס געשפארט פון זיין לייב.

„מישקא!" האט ער אויסגעשריען פון אונערטרעגליכע שמערצען.

מישקא האט אבער ניט געוואוסט וואס צו טהאן.

דער רעקארד האט זיך געהאלטען אין דרעהען און פרעהליך רוישען און הוזשען דעם „ראקאטשי מארש". אלע מוסקולען

אין דעם ליוטענאנט'ס קערפער זיינען אנגעשטרעננט געווא־רען. ער האט ווידער און ווידער אמאל דערפיהלט, ווי די קאפ גליטשט זיך ארויס פון צווישען זיינע הענד — זיין רוקען האט זיך שוין געהויבען פאר זיינע אויגען ! מיט די לעצטע כחות האט ער זיך געסטארעט ארייננצורוקען די הענד אונטער די באנדאזשען און א שלעפ טהאן די קאפ פאראויס. דאן האט זיך נאך איינמאל דערהערט דער שוידערליכער קריצען פון זיינע צייהן און נאך איין בלוט־פערגליווערענדער קרעכץ ,און — אין דעם לאנגען האספיטאל־צימער איז שטיל געווארען ווי אין א פוסטען קלויסטער.

ווען דער געהילפס־דאקטאר מיט די פלאקסענע האאר האט זיך צוריקגעקעהרט פון דעם אפעראציאנס ־ צימער האט ער שוין פון מישקא'ס ווייגען פון דער ווייטענס גע־וואוסט, אז נאך א בעטעל איז לעדיג געווארען אין דער אפּי־צערסקער אבטהיילונג. דער אונגעדולדיגער אלטער מאיאר האט שוין אומזיסט מיט א וואונק איהם צוגערופען צו זיך און ערקלעהרט הויך אויפ'ן קול, אז אלע זאלען הערען :

„ענדליך איז געקומען א סוף צו זיינע ליידען“.

דאן האט ער צוגעגעבען מיט א שטימע פון דרך ־ ארץ :

„ער איז געשטארבען ווי אן עכטער אונגאר, א פאטריאט. — זינגענדיג דעם ראקאטשי מארש“.

IV

# צוריק אין דער היים

ענדליך האט פון צווישען דיא בלעטער א גלאנץ געטאהן דיא אזערע. און ס'האבען זיך באלד בעוויזען דיא בעקענטע גראהע קאלך־בערג, וועלכע האבען זיך ווי מיט דראהענדע פינגער אויסגעשטרעקט אריבער די אנגעשאטענע זייטען פון אייזענבאהן ביז אין וואסער אריין, און אהינטער דער שווארץ־פעררויכערטער ערעפענונג פון קורצען טונעל האבען אריבערן וועלדעל אויף א רגע זיך בעוויזען דער שפיץ־קלויסטער און א ווינקעל פון שלאס.

יאזן באגדאן האט ווייט ארויסגעשטעקט דיא קאפ פון פענסטער פון צוג און מיט הונגעריגע אויגען זיך אין אלעס איינגעקוקט, וויא איינער וואס קוקט איבער זיין פערמעגען, פארזיכטיג און מיט מורא, צי אין זיין אבוועזענהייט איז ניט וואס פארלארען געגאנגען. ווען ס'האט זיך פארבייגעטראגען א בעקענטע גרופפע בוימלעך, האט ער צופריעדען צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ, וויא איינער זאגט: ס'שטימט. ס'שטימט מיט דער בלאסער בילד, וואס ער האט געהאט ביי זיך אין זכרון פון אט דיעזער לאנדשאפט. אלעס, האט ער געזעהען, שטימט פינקטליך: יעדער שטיין, וואס דיענט אלס וועגווייזער אויפ'ן גאשצינעץ, וואס לויפט דא גלייך מיט דיא אייזענבאהן־רעלצעס, איז געווען אקוראט אויפ'ן פלאץ. און אט האט אויך א בלישצע געטאהן דער פלאם־רויטער קופערנער בוכען־בוים, פאר וועלכען דיא פערד פלע־

געו זיך שטענדיג איספודיען און האבען איינמאל שיער דיא פוהר ניט איבערגעקעהרט.

יאאן באגדאן האט א טיעפען שווערען זיפץ געטאהן. האט ארויסגענומען א קליינע שפיגעלע פון קעשענע און צום לעצטען מאל פאר'ן אראפשטייגען פון צוג האט ער גוט בע־טראכט זיין געזיכט. מיט יעדער סטאנציע ווייטער האט זיין פנים איהם זיך אויסגעוויזען אלץ העסליכער און אב־שטויסענדער. דער רעכטער זייט פנים איז נאך ווי עס איז: עס איז נאך פארבליעבען א וואנצע, און דיא רעכטע באק איז נאך געווען גאנץ גלאט, א חוץ דעם שניט ביים ווינקעל פון מויל. וואס האט זיך נאך ניט גוט פער־היילט. אבער דער לינקער זייט!

וואס פאר א נארישע מעשיות דיא פארדאמטע שטאדט - לייטע האבען דאס איהם אנגעדערצעהלט וועגען דעם לינקען זייט פון זיין געזיכט. זיי זיינען א חברה ליידאקעס און אויסוואורפען, און זוכען נאר צו מאכען חוזק פון דיא דארפישע פויערים; ס'אארט זיי גאר ניט, צי ס'איז מלחמה־צייט, צי פריעדען. אללע זיינען זיי אזוי, דער גרויסער דאקטאר, פונקט וויא דיא שעהנע דאמען אין דיא גלאנציגע ווייסע קליידער און מיט זייערע פאלשע גאוה'דיגע רייד. ס'איז קיין קונץ ניט, פערשטעהט זיך, אבצונארען א פשוט'ען פוהרמאן, וואס האט קוים מיט גרויס מאטערניש זיך אויסגעלערנט אביסעל לעזען און שריי־בען. זיי האבען איהם געשמייכעלט, צע'חנפה'ט, זיך ארויס־געוויזען אזוי גוט און צוגעזאגט איהם א גאנצען גן־עדן. און איצט, אט, איז ער הילפלאז, געבליבען איינער אליין, א פאר־לארענער מענש.

מיט א ברענענדע קללה האט ער אראפגעריסען דיא הוט פון קאפ און א שליידער געטאהן עס אויפ'ן באנק.

איז דאס א געזיכט וויא ביי א מענשען? מעג מען עס א מענשען אבטאהן אזא זאך? זיין נאז זעהט אויס וויא א צונויפגעלאטעטער פון שטיקלעך געקארבטע קאלירטע בייגד־לעך. דער מויל איז שרעקליך פערקרימט, און דיא גאנצע

לינקע באַק איז ווי אַ שטיק רויהע פלייש, רויט און דורכגע־קרייצט אַ סך מאָל פון טיפע שניטען, סיניאַקעס און פאַסען.

אוה ! וויא העסליך ! וויא עקעלהאַפט ! אַ שרעק !

דערצו, אַנשטאַט דעם באַק־ביין איז אַ לאַנגע טיפע לאָך, אַז אַ פינגער קען אריינקריכען.

האט ער עס אַט צוליעב דעם אויסגעשטאַנען אַזוי פיעל לייד און יסורים ? צוליעב דעם האָט ער עס זיעבצעהן מאָל, וויא אַ געדולדיגע שעפסעלע, זיך געלאָזען אַריינגאַרען אין יענעם פערשאָלטענעם צימער מיט דיא גלעזערנע ווענט און בלישצענדע אינסטרומענטען ?

אַ שוידער איז איהם אַריבער איבער'ן לייב. דערמאַנענ־דיג זיך דיא מוטשעניש, וואָס ער האָט דורכגעליטען מיט פערטשעמעטע ציינער, געליטען אבי ווידער צו האָבען עפעס אַ שטיקעל מענשליכען פנים און קענען געהן צוריק אַהיים צו זיין כלה.

און אַט איז ער שוין אין דער היים.

דער צוג איז אַרויסגעלאָפען פון טונעל. האָט אַ פייף געטאָהן, און דיא קליינע אַקאַציען־בוימלעך לעבען וואָקזאַל האָבען איהם פון וויטען בעגריסט.

אַז אַנגעכמורעטער האָט יאַאַן באַנדאַן געשלעפט זיין שווערע טאָרבע דורכ'ן וואַגאָן, איז לאַנגזאַם אַרונטער דיא טרעפ און איז געבליעבען שטעהן אַ פערלאָרענער, און זיך אַרומגעקוקט וויא נאָך הילף, ווען דיא טריין הינטער איהם האָט זיך אַוועקגעטראָגען ווייטער.

ער האָט אַרויסגענומען דיא גרויסע געפאַרבטע נאָז־טיכעל און זיך אָבגעווישט דיא גרויסע טראָפענס שווייס פון שטערן. וואָס זאָל ער איצט טהאָן ? ווארום איז ער איצט אין גאַנצען אַהער געקומען ? איצט, אַז ער האָט שוין ענדליך אַראָפגעשטעלט דיא פוס אין זיין געבורטס־פּלאַץ, נאָך וועל־כען ער האָט אַזוי שטאַרק געבענקט, האָט איהם צוריק גע־נומען ציהען צום האָספּיטאַל, וועלכען ער האָט בלויז מיט עטליכע שטונדען צוריק פאַרלאָזען אַזאַ פרעהליכער. ער האָט געטראַכט פון דער לאַנגער האָספּיטאַל־פּאַלאַטע מיט דיא

אללע חולאים. איינגעוויקעלטע אין באנדאזשען, וואס האבען דארט אומגעשפרונגען, געהונקען, געלאהמטע, בלינדע, קאליקעס. דארט האט זיין צוקאליעטשעטער פנים קיינעם ניט געוואונדערט. פארקעהרט נאך, דאס רוב האבען איהם מקנא געווען: ער האט נאך געקענט געהן צוריק צו דער ארבייט; זיינע הענד מיט דיא פיס זיינען געווען געזונטע. און זיין רעכטע אויג איז אויך געווען א גאנצע. א סך וואלטען זיך מיט איהם גרייליך געביטען. איינינע האבען איהם ניט פערגונען און האבען גע'טענה'ט, אז דיא רעגיערונג האנדעלט ניט ריכטיג, וואס זיא האט איהם בעשטימט א פענסיע פאר זיין לינקע אויג, וואס ער האט פארלארען. איין אויג און אביסעל צודראפעט דעם פנים — וואס פאר א פערגלייך איז עס מיט א הילצערנע פוס, א צוקאליעטשעטען ארם, אדער א צולעכערטען לונגען, וואס הוזשעט און סווישטשעט ביי דער קלענסטער אנשטרענגונג?

דיא קאליקעס אין האספיטאל האבען אויף יאאן באנדאז'ען געקוקט וויא אויף א גליקליכען, מזל'דיגען מענשען. יעדער איינער האט געוואוסט זיין געשיכטע. דיא בעזוכער האבען דיא ערשטע זאך געוואלט זעהן דעם מאן, וועלכען מען האט זיעבעצעהן מאל אפערירט, און ארונטערגעשניטען איהם דיא הויט פון פלייצע, פון ברוסט, פון דיא זייטען. נאך יעדע אפעראציע, וויא נאר מען האט פון איהם ארונטערגענומען די באנדאזשען, האט זיך די טהיר פון זיין פאלאטע אפילו אויף א רגע ניט צוגעמאכט: מ'האט געהאלטען אין איין קומען זעהן א הם; הונדערטע מיינונגען זיינען אויסגעשפראכען געווארען, און יעדען בעזוכער האט מען דערצעהלט מיט אלע איינצעלהייטען וויא שרעקליך זיין פנים האט פריהער אויסגעזעהען. דיא עטליכע פערוואונדעטע, וואס זיינען פון אנפאנג אן געווען מיט באנדאז'ען אין איין צימער, האבען מיט א מין שטאלץ דערצעהלט ווי מורא'דיג העסליך זיין געזיכט האט פריהער אויסגעזעהען, אקוראט וויא זיי וואלטען אליין אנטהייל גענומען אין דיא ערפאלגרייכע אפעראציאנען, וואס מען האט געמאכט אויף זיין פנים.

יאַן באַגדאַן האָט, אַלזאָ, אַליין אויך גענומען זיך האַלטען כמעט מיט גאוה פון דעם, וואָס ער איז געווען אַזוי מאוים'דיג צוקאַליעטשעט און איז מיט דער צייט געוואָרען אַלץ שעהנער און שעהנער. און פערלאָזען דעם האָספּיטאַל האָט ער מיט דער האָפנונג צו זיין אַ סענסאַציע אין דאָרף און אַלע זאָלען פון איהם ענטציקט ווערען.

און איצט?

איינער אַליין אין דער וועלט, אָהן קרובים צו ווענדען צו ווענדען זיך, בלויז מיט זיין ראַנעץ און זיין קופערט'ל.

דיא פרעכטיג־גלענצענדע זונען־שטראַהלען פון דער אונגאַרישער פלאַך לאַנד האָבען איהם בעגאָסען, בעצויבערט. און פון וויטען איז דער דאָרף געלעגען אויסגעשפּרייט פאַר זיינע אויגען.

יאַן באַגדאַן האָט פּלוצלינג זיך דערפיהלט עפּעס צושראַקען: אויף איהם איז אַנגעפאַלען עפּעס אַ מורא, — אַ זאַך, וואָס ער האָט ניט געפיהלט צווישען דיא פלאַצענדע באָמבעס, דיא פירכטערליכסטע שיסערייען, דיא גרויזאַמסטע שלאַכטען אויף שפּיזען און שווערדען. זיין שלעפעריגער מוזשיצקער מח, זיין פּראָסטע נאַטור, אַן איינגע'עקשו'טע און אין דער זעלבער צייט פול מיט פוסטע גאוה, האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון קיין טיעפע געדאַנקען. דאָך האָט ער אינסטינקטיוו געפיהלט, אַז איצט ערוואַרטעט איהם אַזאַ ענטוישונג און בעליידיגונג, פון וואָס ער האָט אין האָספּיטאַל אַפילו ניט גע'חלום'ט.

אַן אבהענטיגער, אונמוטהיגער האָט ער אַרויפגענומען זיינע פּעקלאַך אויפ'ן פּלייצע און איז מיט ניט זיכערע טריט אוועק צום אַרויסגאַנג. דאָרט, אין דעם שאָטען פון דיא שטויבינגע אַקאַציעס, וועלכע ער האָט אַזוי גוט געקענט — ער האָט געזעהן וויא זיי זיינען אויפגעוואַקסען און זיי האָבען געזעהן וויא ער איז אויסגעוואַקסען, — האָט ער זיך דערפיהלט מיט זיך אַליין, מיט דעם אַמאָליגען שעהנעם יונג יאַן באַגדאַן, וועלכען מ'האָט אין דאָרף געקענט אַלס דעם פריץ'ס פראַנטישער פוהרמאַן. וואָס טויגען דיא אַלע אָפּעראַציאָנען און לאַטעס, וואָס מ'האָט איהם געלעגט אויפ'ן געזיכט! זעהר

שמערצליך האט ער דערפיהלט דעם קאנטראסט צווישען דעם אמאליגען לעבעדיגען מוטהיגען יונג, וועלכער האט טאקע אט דא אויפ'ן זעלבען פלאץ ארויסגעזאגט דעם לעצטען הייזעריגען „זייגעזונד" צו זיין געליעבטע מיידעל מארטשא, און דעם פארזעהעניש, וואס איז דא איצט געשטאנען לעבען דעם זעלבען וואקזאל אבער בלויז מיט איין אויג, מיט א צושמעטערטען באק־ביין, א פערלאטעטע באק און א האלבען נאז — געשטאנען א ניעדערגעשלאגענער, א פערביטערטער, פונקט וויא דער אונגליק וואלט איהם ערשט נאר וואס געטראפען.

ביים קליינעם אייזערנעם טויער'ל איז געשטאנען דיא פרוי פון דעם וואקזאל־וועכטער קאוואטש, וועלכער האט זיך פון אנפאנג פון דער מלחמה אן געפונען ערגעץ אויפ'ן רוסישען פראנט. זיא איז געשטאנען מיט'ן בילעט־שטעמפלער אין האנד און אונגעדולדיג געווארט ביז דער לעצטער פאססאזשיר זאל שוין פארבייגעהן. יאאן באגדאן האט איהר דערזעהן. און זיין הארץ האט גענומען אזוי שטארק קלאפען, אז ער האט זיך ניט ווילענדיג אבגעשטעלט ביי יעדען טריט. וועט זיא איהם דערקענען, צי ניט? דיא קניע האבען זיך איהם גענומען בויגען, וויא זיי וואלטען פלוצלינג אבגעשטארבען, און זיין האנד האט געציטערט, ווען ער האט דערלאנגט דעם בילעט.

זיא האט צוגענומען דעם בילעט און ניט זאגענדיג קיין ווארט, האט זיא איהם געלאזען פארבייגעהן.

דער אטהעם האט איהם פערכאפט. אבער ער האט צוזאמענגענומען דיא לעצטע כחות, האט מיט זיין איין אויג אריינגעקוקט איהר אין פנים אריין, און א זאג געטהאן, קוים מיט צרות איינהאלטענדיג זיך זיין קול זאל ניט ציטערען:

„וואס מאכסטו?"

„וואס מאכסטו? האט זיא אבגעענטפערט, און זיא האט אויף איהם א ווײַלע אנגעשטעלט א פאאר אויגען און שנעל זיי אבגעדרעהט אן א זייט, וויא זיא וואלט ניט געקענט פערטראגען דיא בילד פון אזא צובראקטען, צופאטשקעטען פנים. ער האט זיך געוואלט אבשטעלען, ער האט אבער באמערקט וויא איהרע ליפען ציטערען און מורמלען, „הייליגער,

יעזוס!" פונקט וויא זיא וואלט דא דערזעהן דעם טייוועל אליין. דאס האט איהם טיעף א שטאך געטהאן אין הארצען און ער האט זיך אוועקגעשלעפט ווייטער.

„זיא האט מיר ניט דערקענט!" האט ער צו זיך געזאגט, און דיא בלוט האט איהם גענומען קלאפען אין דיא שלייפען, אין דיא אויערען. „זיא האט מיר ניט דערקענט, ניט דערקענט מיר!"

מיט וואקלענדע טריט האט ער זיך צוגעשלעפט צום באנק אנטקעגען וואקזאל, האט אווארף געטהאן דיא פעקלאך אויף דר'ערד און ארונטערגעלאזען זיך אויפ'ן באנק.

זיא האט איהם ניט דערקענט! קאוואטש'עס פרוי האט איהם ניט דערקענט, ניט דערקענט יאאן באגדאנ'ען! איהר טאטען'ס הויז איז געווען לעבען זיין מאמען'ס הויז. זיי זיינען געגאנגען צוזאמען אין שוהל, צוזאמען קאנפירמירט *) געווארען. ער האט איהר אזוי פיעל מאל געהאלטען אין זיינע ארעמס און געקושט, און געקושט, איידער קאוואטש איז געקומען אין דארף און גענומען זיך שדכנ'ען צו איהר. און זי האט עס איהם ניט דערקענט! אפילו זיין קול ניט דערקענט, אזוי פיעל האט ער עס זיך געענדערט!

ניט ווילענדיג האט ער אויף איהר וויעדער א קוק געטהאן און דערזעהן, אז זיא רעדט עפעס מיט חשק צום נאטשאלניק פון וואקזאל. פון איהרע העויות און פון דעם וויא זיא האט געמאכט מיט דיא הענד, האט ער פערשטאנען, אז זיא דערצעהלט עס פון דער שרעקליכער בילד, וואס זיא האט נאר וואס געזעהן; דיא שרעקליכע בילד פון דעם צוקאליעטשעטען פנים פון א סאלדאט.

ער האט א ברום געטהאן, א קללה האט זיך פון איהם ארויסגעריסען, און זיין קאפ האט זיך ארונטערגעלאזען אויף זיין ברוסט, און ער האט א זיפץ געטהאן וויא אן עלענדע פערלאזענע פרוי.

וואס זאל ער טהאן? זאל ער קומען אין שלאס, אז עפען טהאן דיא טיהר אין דער הויז פון דיא דיענסטען אין א

*) א מין בר־מצוה.

געשריי טהאָן צו דער איבערראַשטער מיידעל, „וואָס מאַכסטו, מאַרטשאַ ?“

אַזוי האָט ער דיא גאַנצע צייט געטראַכט צו טהאָן. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דיא גאַנצע בילד מיט אַלע קליינינגקייטען — וויא דיא דיענסט־מיידלאַך וועלען קוויטשען, מאַרטשאַ וועט מיט אַ פריידענס־געשריי ארויפפאַלען איהם אויפ'ן האַלז, און פון אַלע זייטען וועלען זיך שיטען פראַגען, ווען ער וועט זיצען מיט מאַרטשאַ'ן ביי זיך אויפ'ן שויס, און וועט ניט־וועז ענטפערען אימיצען אויף אַ פראַגע.

און איצט, וואָס זאָל ער איצט טהאָן ? געהן צו מאַרטשאַ'ן ? ער ? אָט מיט דעם פנים ? מיט'ן פנים, פון וועלכען דעם וועכטער'ס ווייב האָט פאַר שרעק אזש געכאַפּט זיך צלם'ן ? מאַרטשאַ, האָבען אַלע ארום געוואוסט, האָט אַ שאַרפען צונג און איז זעהר אַ שטאָלצע. זיא פלעגט אַלע מענער אַפּזידלען, וועր ס'פלעגט איהר נאָר אַנריהרען, פלעגט מאַכען חוזק פון זיי, מאַכען זיי צום נאַר. ..יז זיא האָט זיך ענדליך פערליעבט אין באַגדאַנ'ען.

יאַאַן באַגדאַן האָט אריינגערוקט דעם קולאַק אין מויל און טיעף אריינגעביסען זיך מיט די צייהן אין פלייש, ביז דער וועהטאָג האָט ענדליך געהאָלפען איהם אונטערדריקען דיא זיפצען. דאַן האָט ער אריינגענומען דיא קאָפּ אין דיא הענד און געפרואווט טראַכטען.

ס'איז איהם נאָך קיינמאָל אין לעבען ניט געגאַנגען מיט'ן פוטער אראָפּ : מ'האָט איהם איבעראָל געליעבט, אין סקוהל,ביים פריץ אין הויף, אַפילו אין קאַזאַרמע. ער האָט זיך שטענדיג געלעבט פרעהלאַך, צופריעדען, גליקליך, אַ שעהנער פלינקער יונג מיט ביינער, אַן אויסגעצייכענטער רייטער און אַ פראַכטפאָלער פוהרמאַן, וועלכער האָט ליעב געהאַט זיינע פערד און דיא פערד האָבען איהם ליעב געהאַט. און אַז ער פלעגט אַמאָל פאַרבייפאַהרענדיג אַ וואָרף טהאָן אין דער לופטען אַ קוש צו פרויען, פלעגט ער זעהן וויא אויף זייערע פנים'ער בעווייזט זיך אַ צופריעדענער שמייכעל. בלויז מיט מאַרטשאַ'ן האָט עס געדויערט אַביסעל מעהר. מיט איהר שעהנקייט האָט געקלינגען ווייט אַרום. זאָגאַר אַאַן'ס בעל־

הבית, דער הערר פון שלאס, האט איהם כמעט מיט קנאה גע־גלעט איבער'ן פלייצע, ווען ער איז פערלאבט געווארען צו מארטשא'ן.

„א שעהנע פאאר'ל!" האט דער גלח דאן געזאגט.

יאאן באנדאן האט ווידער גענומען טאפען אין קעשענע. זוכען די קליינע שפיגעלע. און איז נאכדעם געבליבען זיצען מיט אן אראבגעלאזענע קאפ, פערזונקען אין טיעפען אומעט.

איז אט דאס, וואס ער האט געזעהען אין שפיגעלע, דארף עם ווערען דער פראכטפאל־שעהנער מארטשא'ס חתן? וואס פאר א שייכות האט דיזע פערזעהעניש מיט יאאן באנדאן? אט דיזער פנים פון אן אבעזיאנע, דיזע צו־זאמענגעשמוקעוועטע שטיקעל שאד־ברעט, וואס דער דאקטאר האט צונויפגעקלעפט און צונויפגעשמשאבעט—וואס פאר א שייכות האט עס מיט דעם שעהנעם געזיכט פון יענעם יאאן באנדאן, וועמען מארטשא האט פערשפראכען צו הייראטהען און וועמען זי האט וויינענדיג בעגלייט צום וואקזאל, ווען ער איז אוועק אין מלחמה?

מארטשא האט געוואוסט נאר איין יאאן באנדאן, דער וואס איז געווען א פוהרמאן ביים פריץ און איז געווען דער שעהנ־סטער אין דארף. איז ער נאך אלץ געווען דעם פריץ'ס פוהר־מאן? דער הערר פון שלאס וועט זיכער ניט וועלען פער־שעמען זיין פרעכטיגע פאאר פערד מיט אזא פודעלע, ווי יאאן זעהט איצט אויס. ער וועט זיכער ניט וועלען מעהר פאהרען אין שטאדט מיט אזא פערזעהעניש אויפ'ן קעלניע.

רייניגען דעם מיסט פון שטאל—אט וואס מ'וועט איהם איצט שטעלען ארבייטען.

און מארטשא, די שעהנע מארטשא, נאך וועלכער אלע מע־נער האבען זיך געיאגט? וועט זי וועלען זיין די פרוי פון א קלעגליכען פאדיאנשטשיק?

ניין, זי וועט עס קיינמאל ניט וועלען. אין דעם איז ער זיכער. דער, וואס איז דא געזעסען אויפ'ן באנק, איז ניט מעהר יאאן באנדאן פאר מארטשא'ן. זי וועט אויף איהם מעהר ניט וועלען א קוק טהאן אפילו—פונקט ווי דער פריץ

וועט איהם מעהר ניט נעהמען פאר קיין פוהרמאן. א קאליקע איז א קאליקע, און מארטשא האט זיך פערלאבט צו יאאן באגדאן, ניט צו אזא סטראשידלע, ווי ער איז איצט.

א צארן האט זיך אין איהם גענומען הויבען און פערטריעבען דעם אומעט—אן אונבעהערשבארער צארן געגען די אלע לייטע, וואס האבען גערעדט מיט הויכע פראזען און איינגעשמועסט איהם אלע זיעבען גליקען: מארטשא, האבען זיי געזאגט, דארף זיין שטאלץ מיט דעם וואס ער איז צוקאליעמשעט געווארען קעמפפענדיג פאר זיין פאטערלאנד.

שטאלץ? כא־כא!

מיט פעראכטונג און מיט גאל האט ער געלאכט. און זיינע פינגער האבען קאנוואולסיוו צוזאמענגעשטשעמעט דאס שפיגעלע, ביז די גלאז איז צובראכען געווארען אויף ברעקלעך און צושניטען זיין האנד. די בלוט האט גענומען לאנגזאם ארונטערקאפען אין די ארבלען, און ער האט עס ניט בעמערקט.—אזוי ברענענדיג ווילד איז געווארען זיין צארן געגען דעם הייפעל אריסטאקראטישע דאמען אין האספיטאל, וועמעס פלוידערייען האבען איהם פון זינען אראבגעפיהרט. זיי האבען מסתמא געטראכט, אז פאר א דארפס־מיידעל איז גוט א מאן מיט איין אויג און א האלבע נאז.

פאטערלאנד? וועט מארטשא געהן צו דער חופה מיט'ן פאטערלאנד? און ווען די איבריגע פרויען וועלען קוקען אויף איהר מיט א רחמנות־מינע, וועט זי זיי קענען ווייזען דאס פאטערלאנד? איז עס דאס פאטערלאנד געפאהרען דורכ'ן דארף, און לענטעם האבען פון הוט געפלאטערט? לעכערליך!

זיצענדיג אויפ'ן באנק אנטקעגען וואקזאל און קוקענדיג אויפ'ן דארף פון ווייטען,—דער דארף וועלכער האט ענטהאלטען זיין גאנצען לעבען, אלע זיינע עראינערונגען, האפנונגען און ערפאהרונגען,— האט זיך יאאן באגדאן פלוצלינג דערמאנט אן פיאטר דעם קאליקען, וועלכער האט מיט יאהרען צוריק געוואהנט אין דער אלטער כאלופקע הינטער'ן מיהל. יאאן איז נאך א קינד דאן געווען. יאאן האט איהם איצט זיך

פארגעשטעלט קלאר, בולט, מיט זיין הילצערנע פוס און זיין צרה׳דיגען אויסגעהונגערטען, אויסגעמאגערטען געזיכט. ער האט אויך פאר׳ן פאטערלאנד מקריב געווען א טייל פון זיך, זיין פוס. דאס איז געווען ווען עסטרייך האט פערנומען באסניען. און פון דאן אן איז איהם אויסגעקומען צו וואהנען איינער אליין אין דיעזער חורבה. דיא קינדער פלעגען מאכען פון איהם שפאס, איבערקרימען איהם ווי ער הינקט. די פויערים האבען זיך אויף איהם געכמורעט, געבורטשעט אונטער זיך, קוים געדולדעט איהם; זיי האבען ניט געוואלט ליידען, וואס מ׳האט אויף זייער קהל ארויפגעווארפען אויס־צוהאלטען איהם. „דיענענדיג פאר׳ן פאטערלאנד!" דאס „פאטערלאנד" איז קיינמאל ניט דערמאנט געווארען, ווען פיאטער דער קאליקע פלעגט פארבייגעהן. מען פלעגט איהם פערעכטליך אנרופען דער שנארער, און דאס אלעס.

יאאן באגדאן האט מיט ווילדען כעס פערקריצט די ציין דערפאר וואס ער האט זיך אין האספיטאל ניט דערמאנט אן דיעזען פיאטר דעם קאליקע. דאן וואלט ער זיי, די שטאדט־לייט, דערצעהלט וואס ביי איהם אויפ׳ן הארצען טהוט זיך. ער וואלט זיי געזאגט, וואס ער דענקט פון זייערע רומע ליגנע־רישע פלוידערייען און בעטרוג וועגען פאטערלאנד און וועגען דער גרויסער עהרע צוריקצוקומען אהיים צו מארטשא׳ן מיט א פנים ערגער וויא ביי אן אבעזיאנע.

אך, ווען ער וואלט איצט געהאט דעם דאקטאר אין זיינע הענד! דער שארלאטאן האט איהם אפשר א צעהנדליג מאל פאטאגראפירט פון אלע זייטען, נאך יעדען מאל וואס ער האט צובראקט און צוקאליעטשעט זיין פנים, פונקט ווי ער וואלט עפעס א נס בעוויזען, אבגעטהאן א וואונדערבארע קונסט־ווערק. און אט דא איצט האט איהם יוליא ניט דערקענט— אפילו יוליא, זיין יוגענד־חבר׳טע האט איהם ניט דערקענט.

יאאן באגדאן איז אזוי טיעף געווען פערזונקען אין זיינע טרויעריגע מחשבות, אין זיין אונגליק, אזוי פערנומען מיט בייזע נקמה־פלענער, אז ער האט ניט בעמערקט דעם מאן, וואס איז שוין עטליכע מינוט געשטאנען אנטקעגן איהם

און האט איהם נייגעריג בעקוקט פון אלע זייטען. פלוצלינג האט איהם א קול אויפגעוועקט, א הייסע בוואליע האט איהם א שטראם געטהאן אין געזיכט אריין, און זיין הארץ האט אויפגעהערט צו קלאפען פון פרייד און שרעק. ווען ער האט דערהערט אימיצען זאגענדיג:

„ביזטו עס, באגדאן?"

ער האט זיך אויפגעהויבען א צופריעדענער, אז מ'האט איהם פארט דערקענט. אבער דעם נעכסטען אויגענבליק האט ער פערכמורעט די ברעמען אין גאנצען אז ענט־טוישטער. דאס איז געווען מיכאל דער הארבעוואטער.

יאאן באגדאן וואלט איצט, דאכט זיך, יעדען איינעם אנגעכאפט און געדריקט די האנד; זיין הארץ איז געווען איבערפילט מיט דאנקבארקייט. אבער דיעזען הויקער— ער האט קיינמאל ניט געוואלט האבען צו טהאן מיט איהם און איצט אודאי ניט: ער קען נאך דענקען, דער הארבון, אז ער האט געפונען א חבר, און איז מסתמא צופריעדען וואס ער איז ניט מעהר דער איינציגער קאליקע אין דארף.

„יא, דאס בין איך. נו?"

דער הארבעוואטער האט מיט זיינע קליינע דורכשטעכענ־דע אויגלעך נייגעריג בעקוקט באגדאנ'ס צוריהעטען, פער־שטשאבעטען פנים, און האט ברחמנות'דיג צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ:

„נו, נו, די רוסען האבען פון דיר א תל עמאכט".

באגדאן האט אויף איהם א ברום געטהאן ווי א בייזער הונד.

„ס'איז ניט דיין עסק. וואס פאר א רעכט האסטו צו רעדען? ווען איך וואלט געבארען ווערען ווי דו, מיט'ן בויך אויפ'ן פלייצע, וואלטען מיר די רוסען גאר ניט געקענט טהאן."

דער הארבעוואטער האט זיך רוהיג אוועקגעזעצט לעבען יאאנ'ען, ניט ארויסווייזענדיג קיין שום סימן, אז ער האט זיך בעליידיגט.

„די מלחמה האט דיר אפילו א האאר איידעלער ניט

געמאכט. דאס זעה איך שוין." האט ער געלאסען און טרוקען בעמערקט. „דו ביזט ניט אין קיין איבריג פרעהליכער שטי־מונג. און איך בין ניט איבערראשט פון דעם. יא, אזוי איז דאס. די ארימע מוזען אוועקגעבען זייער לייב און לעבען. אום דער שונא זאל ניט אוועקנעהמען די איבריגע אוצרות ביי די רייכע. דו דארפסט נאך דאנקען גאט וואס דו ביזט בלויז מיט דעם אבגעקומען און ניט ערגער."

„דאנק איך טאקע", האט באגדאן א בורטשע געטהאן אויף איהם מיט שנאה. „די קוילען פרעגען ניט, צו דו ביזט רייך, צי ארים. גראפען און באראנעס וואלגערען זיך דארט און פוילען אויפ'ן זון ווי פגרים, ווי ווילדע חיות. יעדער איינער, וועמען גאט האט ניט געשטראפט און ער איז א שטיקעל מענש, ניט קיין קאליקע, געפינט זיך איצט אויפ'ן שלאכטפעלד, קיין אונטערשיעד צי ער איז ארים ווי א מויז אין קלויסטער, צי ער איז געוועהנט געווען צו עסען פון גאלדענע טעלער."

דער הארבעוואטער האט זיך אויסגעהוסט און א ציה געטהאן מיט די אקסלען.

„פאראן פערשיעדענע זארטען מענשען", האט ער בעמערקט, און געוואלט נאך עפעס זאגען. ער האט זיך אבער איבערלעגט און איז געבליבען שטיל.

באגדאן האט אימער געהאט די נשמה פון א לאקעי; ער האט זיך געהאלטען גרויס מיט דעם, וואס מ'ערלויבט איהם צו בעדיענען די פריצים, די מעכטיגע הערען, און ער האט זיך געפיהלט זיכער, בעשיצט ביי זיינע בעלי־בתים, די אונ־ערדריקער. ווייל זיי האבען איהם אנגעטהאן אין לאקעיסקע קליידער מיט גאלדענע פרענזלעך און זילבערנע קנעפ, אום רורף דעם צו פערגרעסערען זייער פוץ און גלאנץ. זיינע הערען האבען איהם אנגערייצט ער זאל זיך שטעלען געגען די קאנאנען כדי צו פערטיידיגען זייער פערמעגען. און איצט זיצט ער א צוקאליעטשעטער, מיט איין אויג, מיט א העסליכען פנים, ווי אן אבשייליכע פערזעהעניש. און דאך סמיעט ער נאך אלץ ניט צו קריטיקירען זיינע הויכארטיגע בעלי־בתים.

גענען אזא אידיאטסטווע איז גאר ניטא וואס צו טהאן; עס לוינט זיך ניט צו פערליערען אפילו א ווארט אויף אזא שוטה.

ביידע זיינען זיי א ביסעל ציים געזעסען שטיל. באגדאן האט לאנגזאם און זארגפול אנגעשטאפט די ליולקע, און מיכאל האט איהם נייגעריג נאכגעקוקט.

„געהסט איצט אין שלאף?" האט מיכאל פארזיכטיג א פרעג געטהאן, ווען באגדאן האט פעררויכערט די ליולקע.

יאאן באגדאן האט גוט געוואוסט, וואס פאר א כונה דער פערהאסטער נפש, דער הויקער, האט דערביי. ער קען איהם שוין גוט. ער איז א סאציאליסט, דער הארבון, איינער פון יענע טויגעניכטסען, וואס שמועסען די ארימע לייט איין אלע נארישקייטען און רייסען ביי זיי ארויס דעם ביסען ברויט פון מויל, פונקט ווי א געמיינער הונט, וואס כאפט בייסען די האנד, וואס קארמעט איהם. מיכאל האט א גוטע שטעלע אלס פערוואלטער אין דער ציגעלניע, און דאך, אלס דאנק, האט ער אויפגערייצט אלע ארבייטער געגען דעם אייגענטימער. באגדאנ'ס בעל־הבית, און זיי האבען געפאדערט צוויי מאל אזוי פיעל געהאלט, און זיי זיינען געווען גרייט אונטערצוציג־דען דעם פאלאץ פון אלע זייטען. מיכאל האט איינמאל אויך מיט איהם, מיט באגדאנ'ען, געפרובירט רעדען: ער האט זיך געסטארעט צו בעווייזען איהם, אז זיין בעל־הבית איז א שלעכטער מענש. ער האט אבער ניט געטראפען דעם ארט: א פראסק אין איין באק, א טראד אין דער צווייטער, א זעץ מיט'ן קניע—אט וואס ער האט געכאפט פאר פרובירען מאכען פון יאאן באגדאן א סאציאליסט, א חברה־מאן, וואס ווייסט ניט פון קיין גאט און פון קיין פאטערלאנד.

מיכאל האט זיך אונרוהיג געריהרט, געדרעהט אויפ'ן באנק, און אלע ווײלע א קוק געטהאן אויף זיין שכן פון א זייט, בעטראכטענדיג איהם מיט אן אויספארשענדען בליק. ענדליך האט ער זיך אנגענומען מיט מוטה און פלוצלינג א זאג געטהאן:

„זיי ווענען דארט מ[illegible]תמא זיין צופריעדען, וואס דו ביזט

געקומען צוריק. האסט נאך גאנצע הענד, און זיי דארפען האבען מענשען אין פאבריק.

באגדאן האט פעררי‏סען די נאז.

„אין ציגעלניע?" האט ער מיט א פערעכטליכע מינע א פרעג געטהאן.

א געלעכטער האט פון דעם הויקער ארויסגעשפארט.

„ציגעלניע? גאר ציגעלניע? ווער דארף עס ציגעל אין מלחמה? שוין לאנג ניטא קיין זכר פון דער ציגעלניע. זעהסט אן יענע פוהרען? זיי זיינען אלע אנגעפאקט מיט קוילען. יעדען שבת געהט פון דאנען אב א צוג מיט קוילען."

באגדאן האט זיך נייגעריג צוגעהערט. דאס איז פאר איהם געווען א נייעס, אן ענדערונג, פון וועלכע ער האט נאך ניט געהערט.

„זעהסט ס'ארא גוטע פערטיילונג". האט מיכאל פארט־געזעצט מיט א שטעכיגען שמייכעל. „איינער געהט צום שלאכטפעלד און לאזט זיך די קאפ אבשיסען. און א צווייטער זיצט זיך בעקוועם אין הויז און פאבריצירט קוילען און בע־ציערט זיין פאלאץ מיט טויזענד־דאלארדיגע. מילא, איך בין צופריעדען."

„וואס דען זאל מען טהאן, כ'פרעג דיר, שיסען מיט ארבעס? אהן קוילען קען מען קיין מלחמה ניט פיהרען. קוילען דארף מען פונקט אזוי נויטיג ווי סאלדאטען."

„ריכטיג. און אזוי וויא די רייכע האבען די ברירה ענט־וועדער צו זיין סאלדאטען אדער צו מאכען קוילען, נעהמען זיי זיך בעסער מאכען קוילען און אויפ'ן שלאכטפעלד שיקען זיי די ארימע. וואס קריגסטו פאר דער אויג, וואס דו האסט פערלוירען? פינף און צוואנציג דאלאר א יאהר אודאי? צי אפשר גאנצע פופציג? און די איבריגע, וואס וואלגערען זיך טוידטע אויפ'ן שלאכטפעלד און די ראבען פרעסען זייערע קערפער און פיקען אויס די אויגען פון זייערע קעפ,—יענע קריגען דאך אפילו דאס אויך ניט פון דער מלחמה. אבער דער הערר, וואס זיצט דארט אין דער הויך אין פאלאץ, מאכט

זיך טויזענדער דאָלארס אַ טאָג און ריזיקירט דערביי אפילו מיט'ן קלענסטען פינגער ניט. אויף אזא אופן וואָלט איך אליין אויך, בנאמנות, געווען אַ גוטער פּאַטריאָט. איך זאָג דיר דעם ריינעם אמת... פון אנפאנג, פערשטעהט זיך, האָט מען געזאָגט, אז ער געהט אויך אין מלחמה, און ער איז טאקע אַבגעפאָהרען מיט גרויס פאראַד, אָבער דריי וואכען שפּעטער איז ער צוריקגעקומען מיט מאַשינען און די גאנצע אויסשטאַטונג. איצט האלט ער פיינע רעדעס און שיקט אנדערע מענשען צו שטארבען אויפ'ן שלאַכטפעלד, און צו אַלעם דעם איז ער נאָך זעהר גאַלאנט צו יונגע פרויען. וואָס זיינען פערבליבען פון די אוועקגעשיקטע מענער. ער טשע־פּעט זיך מיט יעדע מיידעל אין פאבריק. ער איז דער איינ־ציגער קאַוואַליער. דער איינציגער פראַנטישער בחור פון גאנצען געגענד."

באַגדאַנ'ען איז עס ניט געפעלען געווען. די ברעמען האָבען זיך ביי איהם צונויפגעקנייטשט. דאָך האָט ער איהם ביז אהער געלאָזען רעדען. ביי די לעצטע פאָאָר ווערטער אבער האָט ער זיך אַ צאַפּעל געטהאָן. ער האָט אָנגעשטעלט דיא אויערען און זיך גענומען פיהלען אונרוהיג. אַ ווײַלע האט ער זיך מיט אַלע כחות איינגעהאלטען און ניט געשטעלט די פראגע, וועלכע האָט איהם געברענט אויף די ליפּען. אָבער ענדליך האָט ער מעהר ניט אויסגעהאַלטען און האָט ארויס־געפלאצט:

„מאַרטשא ארבייט אויך אין פאבריק?".

דעם הארבון'ס אויגען האָבען א בליץ געטהאָן.

„מאַרטשא, דיא פראכטפאָל־שעהנע מאַרטשא! געוויס ארבייט זיא אין פאבריק. זיא איז די אויפזעהערין, חאַטש. מען זאָגט, זיא האָט קיינמאָל קיין קויל אין האנט ניט גע־האַלטען, אָבער דעם הערר'ס הענד דערפאַר"....

מיט אַ קורצען הייזעריגען געשריי האָט יאַן באַגדאַן זיך אַ וואַרף געטהאָן אויפ'ן הויקער און אָנגעכאַפּט איהם ביי'ם האלז און גענומען בארמלאָז ווערגען. מיכאל האָט גענומען הילכיג גאַרגלען, שליידערען מיט די הענד, דיא אויגען האָבען

איהם פון שרעק גענומען ארויסשפארען, דער פנים איז געוואָ־
רען טוידט־בלאס. דאן האָט יאָאן איהם א־בערגעלאזען, איז
ער אנידערגעפאלען אויף דר'ערד און שווער געסאָפּעט.

באגדאן האָט שנעל צוזאמענגענומען זיינע זאכען און
האסטיג אוועקגעשפּרייזט מיט לאנגע טריט, אזוי וויא ער
וואלט זיך געאיילט ניט אנצוקומען שפּעט אין שלאָס.

אויף מיכאל'ן האָט ער זיך מעהר ניט אומגעקוקט, קיין
איינמאָל אפילו ניט אומגעדרעהט דיא קאָפּ אהינטער. וויא
מיט איין אָטהעם איז ער געגאנגען ווייטער, און א צייט לאנג
האָט ער נאָך געפיהלט דעם הויקער'ס ווארימע האלז אין זיין
האנד.

וואָס פאר א ווערדע האָט פאר איהם געהאַט א מענש,
וואָס איז געבליעבען ליגען גוסס'נדיג אויפ'ן וועג ? מיט
איין מענש מעהר אָדער מיט איין מענש וועניגער. מאר־
שירענדיג מיט זיין ראָטע סאָלדאטען, איז ער טויזענדע אזוינע
גוסס'ע פארביייגעגאנגען, און קוים שלעפּענדיג זיך א מיעדער
איז איהם גאָר קיינמאָל אויפ'ן זינען ניט ארויף, אז דיא טונ־
קעל־גרויהע פלעקען, וואָס זיינען צושפּרייט איבער דיא פעל־
דער; דיא רייהע בערגלעך, וואָס ציהען זיך לעבען וועג וויא
הורבעם מיטט אין פריהלינג — אז דאָס זיינען אלץ מענש־
ליכע בעשעפעניששען, דערהרג'עטע אויף טוידט. ער און זיינע
חברים האָבען זיך אמאָל א לאָז געטהאָן דורכ'ן שלאכטפעלד
— לעבען קעלץ איז דאָס געוועזן — האָבען זיי געבראַדיעט
דורך געדיכט־אנגעפאלענע הרוגים און פערוואונדעטע; און
בלאָטע, ערד־גראָהע הענט האָבען זיך פון אלע זייטען געהויי־
בען, זיך געריסען וויא אַנצוכאַפּען זיך פאר דיא לופט; זאכען
דורכגעווייקטע אין בלוט, פנים'ער צוקרימטע, צוקאַרטשעטע
פון גיהנום'דיגע טוידט־יסורים האָבען אלע ווילע וויא אויס־
געוואַקסען פון דר'ערד, אזוי וויא דיא מתים וואָלטען אלע
גענומען קאראַבקען זיך פון זייערע קברים צום לעצטען יום־
הדין. זיי זיינען דאן געטראָטען אויף קערפּערס, זיך פער־
טשעפּעט, אומגעפאלען, איינמאָל איז דער קליינער גראבער
רעזערוו־אָפיצער שיער אין חלשות ניט געפאלען פון גוראַטע,

ווען ער האָט אונפאַרזיכטיגערהייד אַרויפגעטראָטען אויפ'ן ברוסט פון א האלב צופוילטען קערפער פון א רוס, און די פוס איז אַריינגעקראָכען אַזוי טיעף, אז ער האָט איהר קוים אַרויסגעשלעפּט. דיא איבעריגע פון זיין קאָמפּאַניע האָבען זיך שטאַרק אַמוזירט פון דעם. יאַן באַנדאַן האָט גענומען שמייכלען, דערמאָנענדיג זיך וויא מען האָט זיך געווייצעלט און געמאַכט לוסטיג איבער יענעם אָפיצער, וועלכער איז בלאָס געוואָרען, ניט געקענט איינשטעהן, געמוזט זיך אָנשפּאַרען אן א בוים, און דערנאָך געאַרבייט מעשים ווי א בעזוויפענער.

דער וועג האָט געגליהט אונטער דיא ברענענדע שטראַה־לען. דער דאָרף־זייגער האָט געשלאָגען צוועלף. פון דער הויף, פון באַרג, האָט זיך, וויא אן ענטפער, געהערט דער פייף פון פאַבריק; און א קליינער ווייסער וואָלקענדעל האָט זיך אויפגעהויבען איבער דיא בוימער.

באַנדאַן האָט גענומען שנעלער געהן; ער איז כמעט גע־לאָפען, ניט אכטענדיג אויף דיא טראָפּענס שוויים, וואס האָ־בען אַרונטערגעקאַפּעט פון זיין פנים און געקיצעלט איהם די האַלז. כמעט א יאָהר צייט האָט ער זיך אָנגעאָטהעמט נור מיט האָספּיטאַל־לופט, זיך אָנגעשמעקט נאָר מיט יאָדאָפאָרם און ליזאָל און האָט געזעהן נאָר וואָנט און דעכער. האָט ער איצט געשמאַק, מיט חיות אַריינגעצויגען אין זיינע לונגען דעם שמעקענדען ריח פון דיא לאָנקעס; און דיא פאָרעשוועס פון זיינע שטיוועל האָבען פעסט געטראָטען דיא ערד, אַקוראַט וויא ער וואָלט ווידער געמאַרשירט מיט דער ראָטע.

דאָס איז זיין ערשטער שפּאַציער, זינט ער איז פערוואונ־דעט געוואָרען, דיא ערשטע וועג, וואס ער זעהט זינט דיא ווילדע מאַרשרוטען איבער דיא רוסישע שלאַכטפעלדער. מאָ־מענטענווייז האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אַז ער הערט די קאַנאָנען קראַכען. פון שטיקעל קאַמפּף מיט'ן האַרבון האָט זיין בלוט גענומען האַסטיג שטראָמען, און אין זיין זכרון האָבען פּלוצלונג אויפגעלעבט דיא עראינערונגען פון דער מלחמה, וועלכע זיינען א צייט געלעגען פערשלאָפען, וויא אונטער א

צודעק פון שטויב, פארשטיקט פון דעם טרויעריגען, אײנ־טאניגען לעבען אין האספיטאל.

ער האט שוין כמעט חרטה געהאט, וואס ער האט אזוי גיך אבגעלאזען דעם פערדאמטען הארבאטען לומפ. נאך אײן רגע, און ער וואלט שוין מעהר ניט געקענט עפענען זײן פאסקודנעם, גאט־לעסטערענדען מויל. זײן קאפ וואלט אראפ־געהאנגען אן א זײט, און די הענט וואלטען זיך נאכאמאל א שטרעק געטהאן מיט אויסגעשפרײטע פינגער אין דער לופטען, און ער וואלט זיך צוזאמענגעשרומפפען, פונקט וויא דער קוואטשינ־דיקער רוס מיט דיא גרויסע בלויע אויגען, וועמען יאאן באגראן האט ניט אבגעלאזען ביז דער לעצ־טער רגע, ביז ער האט אויפגעהערט צו צאפלען זיך. אויף טוידט האט ער איהם דערשטיקט. און ער איז גאר ניט געווען אזא העסליכער, דער רוס, אביסעל א קאמישער, אבער ווײט ניט אזא אבשײליכער וויא דער הארבון. דאס איז אבער גע־ווען דער ערשטער סאלדאט פון׳ם שונא, דער סאמע ערשטער רוס, וואס איז באגדאן׳ען ארײנגעפאלען אין די הענט. נאכ־דעם האט ער שוין א סך אנדערע אוועקגעלעגט טוידט, א סך, א סך, אבער דער פעטער רוס איז געווען דער אײנציגער, וועמען ער האט אויף טויט דערשטיקט. א מאססע סאלדא־טען האט ער מיט׳ן גראבען זײט פון זײן ביקס דער׳הרג׳עט. א סך דערשטאכען מיט׳ן שפיז. אײנמאל האט ער מיט דיא אבסאצען צוטאפטשעט און צושמעטערט א רוס, וועלכער האט פאר זײנע אויגען אוועקגעלעגט זײן טהײערסטען חבר. אבער אויף טוידט דערשטיקט א מענשען האט ער שוין מעהר קײנמאל ניט. אט דעריבער איז דיעזער קלײנער דיקער סאלדאט געבליעבען שטעקען אין זײן זכרון. דיא איבעריגע האט ער קײנעם ניט געדענקט. אין מוח ביי איהם האט זיך אומגעטראגען א פלאנטער פון גרויליך־גרינע שינעלען. און טראכטענדיג איצט פון זײנע העלדענטהאטען, האבען אין זײנע אויערען אבגעקלונגען דיא טופעניש, דיא צײהן־קריי־צעניש, דאס סאפען און גוסס׳ן, די קולות פון די געפאלענע אין האנד־אויף־האנד שלאכטען. וויפיעל, האט ער אויף טשי־

קאָוועשץ געוואָלט וויסען. האָט ער אוועקגעשיקט אויף יענער וועלט? גאָט אליין ווייס עס. ער האָט קיין צייט ניט געהאָט צו צעהלען. ער האָט געהאַט גענוג אַרבייט אָבצוהיטען דיא אייגענע שקורע. ווען ער וואָלט זיך אויף אַ רגע אָבגעשטעלט און ארומגעקוקט, וואָלט ער שוין איצט מיט זיין נייגיעריגקייט לאנג אויף יענער וועלט געווען.

און דאָך, אין זיין זכרון איז געבליעבען קלאָהר נאָך אַ געזיכט. אַ הויכער דינער בחור, וויא אַ לאַנגער דראַנג, מיט גרויסע געלע ארויסשטארטשענדע צייהן. וועלכע ער פלעגט קריצען וויא אַ ווילדער אָקס. יאָ, ער געדיינקט איהם, אקוראַט וויא דאָס וואָלט ערשט נעכטען פּאסירט. ער האָט געזעהן, ווי ער איז שוין געשטאַנען מיט'ן פּלייצע צום וואַנד, און אַ שוואונג געטהאַן דיא ביקס איבער'ן קאָפּ, זיך פערמאסטען צו דערלאַנגען באַגדאַן'ען. נאָך איין רגע, און דער גראָבער זייט פון ביקס וואָלט ארונטערגעהודזשעט אויף באַגדאַן'ס קאָפּ. אָבער אַ פערשלאָפענער רוס איז ניט דער מענש גובר צו זיין אזא פלינקען יונג וויא יאַן באַגדאַן: איידער דער רוס האָט אוספּעיעט ארונטערצולאָזען דיא ביקס, האָט באַגדאַן איהם אריינגערוקט דעם שפּיז אין זייט, און דער רוס איז אַנידערגעפאַלען אויף זיין אייגענע ביקס. דער שפּיז האָט איהם דורכגעשטאָכען דעם קערפער אויף דורך און דורך און איז זאָגאר אריין אין וואנט אהינטער איהם, און האָט זיך שיער ניט איבערגעבראָכען.

מעהר האָט שוין אָבער מיט באַגדאַן'ען אזא זאַך ניט געטראָפען; ער האָט שוין קיינמאָל מעהר ניט אריינגערוקט דעם שפּיז אזוי טיעף. דאָס איז געווען דעם ערשטען מאָל, וואָס ער האָט אזוי שטארק, מיט אלע כחות, געשפּארט דעם באַיאָנעט פּונקט וויא ער וואָלט בעדארפט דורכשטעכען אַ שטיק אייזען. ער האָט נאָך דאַן ניט געוואוסט, אז עס איז גאָר ניט אזוי שווער אוועקצולעגען אַ מענשען. געגרייט האָט ער זיך פאר עפּעס אַ שווערע ארבייט, פאר אַ שטאַרקען וויעדערשטאַנד, אָבער ווען ער האָט גענומען שטעכען, האָט זיך זיין שפּיז אריינגעגליטשט אין קערפער, פּונקט וויא אין ווייכען

פוטער. דער רוס איז געבליעבען שטעהן אין ערשטוינטער, מיט א ברייט־צועפענטען מויל — באַגדאַן גערענקט דיא בילד אין גאַנצען, מיט אלע פישטשעווקעס. דער, וואָס האָט נאָך קיינ־מאָל ניט געפּרואווט דורכשטעכען א מענשען מיט א באַיאַ־נעט, מוז מיינען, אז א מענשען׳ס קערפּער בעשטעהט בלויז פון ביינער. נעהמט ער זיך דעריבער שטעכען מיט׳ן גאַנצען כח. נאָכדעם האט ער א שווערען עסק צוריק ארויסשלעפּען דעם קלינג און דאַ קען אונטערשפּרינגען דעם שונא׳ס אַן אנדער גראַבער סאָלדאַט מיט א שפּיז אין האַנד. דער ריכטיגער וועג איז צו שטעכען לייכט, א רוק טהאָן דעם שפּיז אין קערפּער, אַבער ניט צו־טיעף. דאַן לאָזט זיך דער קלינגעל גלאַט און שנעל אריין, וויא א ספּריטנער פערד — איהר דאַרפט איהם נאָך אַביסעל צוריק איינהאַלטען. דאָס וויכטיגסטע איז אַבער ניט אראָפּצונעהמען די אויגען פון דעם שונא. מען דאַרף ניט קוקען אויפ׳ן באַיאָנעט אָדער אויפ׳ן אָרט אין זיין קער־פּער וואו איהר קלייבט זיך אריינצושטעכען דעם באַיאָנעט. איהר דאַרפט איהם קוקען גלייך אין דיא אויגען אריין און טרעפען די רגע, ווען ער וויל זיך אויף אייך א לאָז טהאָן. איהר דאַרפט דערקענען אויף זיין פּנים, ווען אָבצוטרעטען פון איהם אָדער א שפּרונג טהאָן אויף איהם. די סאָלדאַטען האָבען אלע דיזעלבע טבע — אָט וויא דער הויכער סאָלדאַט, וואָס האָט געקריצט זיינע גרויסע צייהן: פּלוצלונג ווערען זייערע געזיכטער אין גאַנצען גלאַט, ווען מ׳שטעכט זיי, אזוי וויא דער קאַלטער אייזען אין זייערע קערפּערס וואַלט געשטילט זייער ווילדען צאָרן; זייערע אויגען עפענען זיך ברייט פון ער־שטוינונג און זיי קוקען אויפ׳ן שונא, ווי זיי וואָלטען מיט פאָרוואורף געפרעגט:

„וואָס טהוט איהר?"

דאַן כאַפּען זיי זיך אָן מיט דיא הענט פאַר׳ן באַיאָנעט און צושניידען זיך נאָך דערצו דיא פינגער, איידער זיי פאַלען טוידט.

אז מ׳ווייס ניט ריכטיג ווי צו האַלטען דעם שפּיז און פלינק ארויסשלעפּען איהם צוריק פון קערפּער, וויא נאָר דעם

דערשטאַכענעם'ס אויגען גיבען זיך ברייט אַן עפען ווי־א
נשתומם'דיגע, דאַן קענט איהר אומפאַלען צוזאַמען מיט'ן
טויטען, אדער אַן אנדער סאַלדאַט קען דערווייל צולויפען
פון הינטען און אַריינרוקען אייך אַ שפּיז אין זייט, צי דער־
לאַנגען אייך מיט'ן ביקס איבער'ן קאָפּ.

יאַאַן באַגדאַן האָט וועגען דעם שוין אַ סך דיסקוטירט
מיט זיינע חברים, וועלכע פלעגען קריטיקירען די יעניגע סאָל־
דאַטען, וועלכע זיינען געפאַלען אין שלאַכטען, ווייל זיי זיינען
געווען ניט פלינק גענוג און האָבען אומגעלומפּערט זיך בעגאַנ־
גען מיט זייערע באַיאָנעטען.

באַגדאַן איז געווען פערזונקען אין זיינע עראינערונגען.
ווען ער איז אַזוי געגאַנגען איבער'ן בעקאַנטען וועג אַרויף צום
שלאָס, די פיס האָבען זיך פון זיך אַליין בעוועגט, פּונקט ווי
פערד, וואָס געהען צוריק אַהיים. ער איז דורכגעגאַנגען דעם
אָפענעם אייזערנעם טויערל און האָט שוין מיט אַן אַראָפּגע־
לאָזענע קאָפּ געטראָטען אויף דעם זאַמדיגען שטעג גאַר ניט
בעמערקענדיג, אַז ער איז שוין אין דער היים.

אַ פערד האָט אַ הירזשע געטהאָן און האָט איהם מיט
אַמאָל אויפגעוועקט פון זיינע מחשבות. ער איז געבליבען
שטעהן שטיל, ער איז טיעף גערירט געוואָרען. ווען ער האָט
עטליכע טריט פון זיך דערזעהן דעם שטאַהל, און אינעווייניג,
אין די דונקעלע בעלייכטונג, האָט אַ שימער געטהאָן די זייט
פון זיין ליעבלינג־פערד. ער האָט שוין געוואָלט אַ לאָז טהאָן
זיך צום שטאַהל, ווי־א פון ווייטען, ביי'ם אַנדער עק הויף,
האָט ער דערזעהן אַ פרויענצימער געהענדיג פון ציגעלניע.
זי האָט געטראָגען אַ רויט - געפינטעלטע זיידענע טיכעל
אויפ'ן קאָפּ און איז געגאַנגען מיט גאוה, דיא קאָפּ פעררייסען.
און פון דעם שנעלען שוואונג פון איהר קערפּער האָבען זיך די
קליידער אויפגעבלאָזען אַרום איהרע היפּען.

יאַאַן באַגדאַן איז געבליעבען שטעהן ווי אַ צוגעשמיד־
מער, פּונקט ווי־א אימיצער וואָלט איהם דערלאַנגט אַ טראַסק
אין ברוסט. דאָס איז געווען מאַרטשאַ ! ער האָט דערקענט

איהר גאנג : קיין אנדער מיידעל איז דעם גאנצען געגענד ארום האט ניט געהאט אזא גאנג.

באנדראן האט ארונטערגעשליידערט פון זיך דיא פעקלעך און זיך געלאזען לויפען צו איהר.

„מארטשא ! מארטשא ! האט זיין קול אבגעהילכט איבער'ן גאנצען הויף.

דיא מיידעל האט זיך אבגעשטעלט און געווארט אז ער זאל צוגעהן. זיא האט פערזשמורעט דיא אויגען און געקוקט אויף איהם נייגעריג. ווען באנדראן איז צוגעקומען נאהענט צו איהר, איז ער געבליבען שטעהן.

„מארטשא !" האט ער א מורמעל געטהאן, און זיין בליק האט זיך ענגסטליך איינגעגעסען אין איהר. ער האט געזעהן ווי זי איז געווארען בלייך, ווייס ווי קאלך ; איהרע אויגען האבען גענומען אונרוהיג אומשפרינגען הין און הער, פון זיין רעכטע באק צו דער לינקער און צוריק. און זיי זיינען אנגעפילט געווארען מיט שרעק, מיט אימה. דאן האט זיא מיטביידע הענד פערדעקט דעם פנים מיט דיא אויגען, זיך אומגעדרעהט און גענומען לויפען אזוי שנעל וויא די פיס האבען איהר געטראגען.

פולל מיט ביטערען טרויער איז באנדראן געשטאנען און נאכגעקוקט איהר. טאקע אקוראט אזא בעגעגעניש האט ער זיך פארגעשטעלט נאכדעם וויא יוליא, דעם וואקזאל־וועכטער'ס ווייב, מיט וועלכע ער האט זיך צוזאמען אויפגעהאדעוועט, האט איהם ניט דערקענט. אבער אנטלויפען פון איהם ! דאס האט איהם שרעקליך געברענט און אויפגעבראכט. זי דארף ניט אנטלויפען. יאאן באנדראן איז ניט אזא מענש מיט גוואלד צו נעהמען א פרוי. אויב ער געפעלט איהר ניט מעהר, ווייל ער איז א צוקאליעטשעטער, נו, מא מילא, קען זיא זיך אויפזוכען אן אנדערען, און ער וועט זיך אויך אויפזוכען אן אנדערע. דאס ארט איהם ניט.

אט דאס האט ער געוואלט זאגען מארטשא'ן.

האט ער א לאף געטהאן און אנגעיאגט איהר.

„ווארום אנטלויפסטו פון מיר?"—האט ער א זאג געטאן.

סאַפּענדיג, און אָנגעכאפּט איהר ביי'ם האַנד. „אויב דו ווילסט מיר ניט מעהר, טאָ זאָג, וואָס דענקסטו — איך'ל דיר אויפּעסען ?"

זיא האָט איהם אָנגעקוקט מיט א פּראַגע־מינע וויא אונזיכער. זיא האָט אזוי געציטערט, אז ער האָט אזש רחמנות געקראָגען אויף איהר.

„ווי דו זעהסט אויס !" האָט זיא א שטאַמעל געטהאָן. און ער איז אזש רויט געוואָרען פון כעס.

„האָסט דאָך דאָס געוואוסט, איך האָב דאָך זיי געהייסען שרייבען צו דיר, אז א קויל האָט מיר געטראָפען אין געזיכט. וואס האסטו געדענקט, אז דאָס וועט מיר שעהנער מאכען? זאָג נאָר, האָב קיין כורא, אויב דו ווילסט מיר ניט מעהר. איך וויל נאָר דעם אמת, ניט מעהר. יאָ צו ניין ? איך וועל דיר ניט צווינגען צו הייראַטהען מיט מיר. זאָג גלייך — יאָ צו ניין?"

מארטשא האָט געשוויגען. אין זיין געזיכט, אין זיין איין אויג איז געווען עטוואס פון וואָס ס'האָט איהר פארכאפּט דער אטהעם, און וויא מיט קאַלטע פינגער אָנגענומען איהר ביי'ם סאמע הארצען. זיא האָט ארונטערגעלאָזען דיא אויגען און גענומען שטאַמלען :

„דו האָסט דאָך נאָך אָבער קיין שטעלע ניט. וויא קענען מיר הייראַטהען ? דארפסט פריהער פרעגען דעם פּריץ, צי ער —"

אזוי וויא א רויטער פּרכת, אויסגעפּלאָכטען פון פלאַמען, וואָלט זיך פאר באָגדאַן'ס אויגען ארונטערגעלאָזען. דער פּריץ ? ה..ם זאָגט זי וועגען פּריץ ? ער האָט זיך דער־מאָנט אן הויקער, און ס'האָט איהם דורכגעבליצט דורך'ן מוח, אז ער האָט ניט געזאָגט קיין ליגען. זיינע פינגער האָבען צו־צונויפגעקוועטשט איהר האַנד, ווי א פּאָאר ברענענדע קלעשצעס, אז זיא האָט פאר וועהטאָג א געשריי געטהאָן.

„דער הערר !" האָט באָגדאַן א ברום געטהאָן. „וואָס פאר א עסק האָט דער פּריץ מיט דיר און מיר ? יא צי ניין ? איך וויל אן ענטפער. דער הערר האָט מיט אונז גאָר ניט צו טהאָן".

מארטשא האט זיך צוזאמענגענורעט. פלוצלונג האט זיא צוריקגעקראגען איהר מוטה. א רויטקייט האט זיך בעוויזען אויף איהרע באקען, און איהרע אויגען האבען שטאלץ א בליץ געטהאן. זיא איז געשטאנען מיט א גאוה'דיגע מינע, וועלכע באגדאן האט אזוי גוט געקענט, און האט מיט חוצפה פערריסען דיא קאפ.

באגדאן האט בעמערקט דיא ענדערונג און האט געזעהן, אז זיא קוקט אויף עמעס ווייטער אהינטער איהם. האט ער אבגעלאזען איהר האנד און זאפארט זיך אומגעדרעהט. טאקע ווי ער האט געטראכט: דער פריץ איז עם ארוים פון פאבריק. זיין וואלד־וועפטער טאטה איז איהם נאכגעגאנגען.

מארטשא האט שנעל ווי א קאץ אפגעשפרונגען פון באגדאן'ען, איז צוגעלאפען צום פריץ, זיך איינגעבויגען און א קוש געטהאן איהם אין האנד.

באגדאן האט געזעהן וויא זיי קומען צו נעהענטער צו איהם. האט ער ארונטערגעלאזען די קאפ, וויא א באק וואס גרייט זיך צו אן אטאקע. א קאלטע, ענטשלאסענע רוהיגקייט האט זיך לאנגזאם אין איהם אויפגעהויבען, פונקט וויא דאס פלעגט זיין אין די טראנשעען, ווען מ'פלעגט געבען א סיגנאל פאר א שלאכט. ער האט דערפיהלט וויא דעם פריץ'ס האנד ריהרט אן זיין אקסעל, און ער האט א טראט געטהאן אהינטער.

וואס בעדייטעט עס ? דער האר רעדט פון העלדענטהום און פאטערלאנד, און נאך א סך אזעלכע נארישקייטען. וואס האבען קיין שום שייכות ניט מיט מארטשא'ן. ער האט איהם געלאזען ריידען. געלאזען די ווערטער זאלען אויף איהם שטראמען ווי א רעגען, גאר ניט א טראכט טהאנדיג אפילו וואס זיי בעדייטען. זיין בליק האט אונרוהיג אומגעבלאנדזשעט פון פריץ צו מארטשא'ן און צום וואלד־וועכטער, ביז ער האט זיך נייגעריג אבגעשטעלט אויף עפעס וואס האט געשיינט. דאס איז געוועזן דיא ניקעלנע הענטעל פון דעם שווערדעל, וואס איז ארונטערגעהאנגען ביים וואלד־וועכטער אויפ'ן זייט און האט געבלישצעט אויפ'ן זון.

„וויא א באיאנעט", האט באגדאן א טראכט געטהאן.

און א געראנק איז איהם דורכגעלאפּען דורך'ן מוח : ארויסכאפּען דעם שווערדעל פון שייד און אריינלאזען עס דער פערשייטער חצופה אין קערפּער. איהרע פולל־קיילעכדיגע היפּען און די קלאהרע אויפגעבלאזענע קלייד האבען איהם צוטומעלט. אויפ'ן שלאכטפעלד האט ער קיינמאל גאר ניט געהאט צו טהאן מיט פרויען. ער האט זיך ניט געקענט ריכטיג פארשטעלען וויא אזוי דאס איז אריינצורוקען א שארפען קלינג אין דעם קערפּער אונטער אט דער קליידעל. זיין בליק איז צוריק אריבער אויפ'ן פּריץ. און ער האט איצט בעמערקט, אז צוליעב דעם, וואס ער האט אזוי עקשנות'דיג געשוויגען, איז דער פּריץ מיט אמאל אנשוויגען געווארען.

„ער קריצט מיט דיא צייהן", האט זיך איהם אויסגעוויזען, „אקוראט ווי יענער גרויסער רוס". און ער האט כמעט א שמייכעל געטהאן, ווען א בילד האט א לויכט געטהאן אין זיין דמיון — א בילד ווי אזוי דער געזיכט ווערט בייםפּריץ גלאט און ער שטעלט אן א פּאאר ערשטוינטע אויגען, פולל מיט פּארוואורף.

וואס האט ער אבער נאר וואס געזאגט עפּעס וועגען מאַרטשא'ן ? וואס פאר אן עסק האט ער מיט מאַרטשא'ן?

באגדאן האט זיך א שטעל געטהאן מיט מוטה, מיט העזה.

„איך וועל אליין אלעס איינארדנען מיט מארטשא'ן, מיין הערר, דאס האט מיט קיינעם גאר ניט צו טהאן", האט ער הייזעריג אבגעענטפערט, און אריינגעקוקט דעם פּריץ גלייך אין דיא אויגען אריין. ער האט נאך געהאט זיינע ביידע וואנצען, דעליקאט פערדרעהט ארויף פון ביידע זייטען. וואס האט דער הויקער געזאגט ? „איינער געהט אין מלחמה און לאזט זיך דיא קאפּ אראפּשיסען". ער איז גאר ניט אזא נאר. דער הויקער.

דער פּריץ איז אן אויפגעברענטער געווארען פון באגדאן'ס ווערטער, און ער האט גענומען שרייען. באגדאן האט אבער כמעט וויא ניט געהערט : וויא א היפּנאטיזירטער האט ער ניט געקענט אברייסען דיא אויגען פון דער ניקעל־

נער הענטעל פון דעם וואלד־וועכטער'ס שווערדעל. ערשט ווען ער האט דערהערט דעם נאמען „מארטשא", האט ער זיך אויפגעכאפט און גענומען זיך צוהערען.

„מארטשא איז איצט ביי מיר אנגעשטעלט", האט ער געהערט וויא דער פריץ זאגט. „ווייסט דאך, באנדאן, איך ליעב דיר. כ'וועל דיר ווידער לאזען אכטונג געבען אויף די פערד, אויב דו ווילסט. אבער מארטשא'ן לאז צורוה. כ'וויל ניט קיין גוואלדען און קיין סקאנדאלען. אויב מארטשא וויל מיט דיר הייראטהען, איז זעהר פיין. אבער אויב זיא וויל ניט, דארף מען איהר לאזען צורוה. אויב איך וועל נאך אמאל הע־רען, אז דו בעלעסטיגסט איהר, וועסטו ביי מיר געהן צום טייוועל. הערסט וואס מען זאגט דיר?"

אז אויפגעקאכטער האט באגדאן גענומען ארויסגיסען זיין פלאקערנדען צארען.

„צום טייוועל?" האט ער גענומען שרייען. „צום טיי־וועל? איהר דארפט פריהער אליין אהין געהן. איך בין שוין געווען ביי'ם טייוועל. אכט מאנאטען בין איך אין גיהנום געווען. אט איז מיין פנים — איהר קענט זעהן, אז איך קום פון גיהנום. עס איז ניט קיין שווערע זאך צו זיצען דא, האל־טען אין שטאפען זיך דיא קעשענעס מיט געלד און אנדערע שיקען צום טוידט. א מאן, וואס זיצט און שפיעלט זיך אין דער היים, האט קיין רעכט ניט צו שיקען צום טייוועל אזא, וואס איז שוין צוליעב איהם געווען אין גיהנום".

ער איז געווען אזוי אויפגעבראכט, אז ער האט גערעדט ווי דער הארבעוואטער, דער סאציאליסט, און ער האט זיך גאר ניט געשעמט מיט דעם. ער איז געשטאנען אן אנגעצוי־גענער מיט שטייפע מוסקולען, גרייט וויא א ווילדע חיה א שפרונג צו טהאן אויף זיין געגנער. ער האט געזעהן וויא דער פריץ קלייבט זיך דערלאנגען איהם א קלאפ, וויא דער פנים האט זיך ביי איהם פערקרימט און דיא בייטש זיינע האט א סווישע געטהאן אין דער לופטען. ער האט שוין געזעהן וויא זיא לאזט זיך אויף איהם אראפ. ער האט אבער דעם שמיץ אויפ'ן פלייצע ניט געפיהלט.

ער האט א שפרונג געטהאן, שנעל ארויסגעכאפט ביים וואלד־וועכטער דעם שווערדעל פון שייד און אריינגערוקט עס דעם פריץ אין זייט. ער האט זיך ניט פערמאסטען בריית: דאן וואלט מען איהם געקענט אנכאפען פאר'ן האנד און אבהאלטען איהם. דאס ניט ! לייכט, פלינק האט ער עס געטהאן, מיט א ספריטנעם רוק, אט אזוי וויא ער האט זיך פון ערפאהרונג אויסגעלערענט עס אויפ'ן שלאכטפעלד. דער שווערדעל איז געווען פונקט אזוי גוט וויא זיין באיאנעט: ער איז אריין אין לייב וויא אין פוטער.

דאן האט שוין אלעס פאסירט ווי ס'פלעגט שטענדיג זיין. יאאן באגדאן איז געשטאנען גלייך און געזעהן וויא דעם פריץ'ס געזיכט איז פערקרימט געווארען פון כעס און איז פלוצלונג געווארען גלאט, רוהיג, גלייך, וויא אן אויסגעפרעסטער. דאן האט ער געזעהן וויא זיינע אויגען עפענען זיך בריית פאנאנדער און קוקען איהם אן מיט ערשטוינען אין א פארוואורף־פראגע : „וואס טהוסטו ?" דיא איינציגע זאך, וואס באגדאן האט ניט געזעהן, איז ווי דער פריץ איז אנידערגעפאלען. ווארים אין יענער רגע האט איהם דערלאנגט א טראסק איבער'ן פאטילניצע, וויא דער קלאפ פון א וואסערפאלל, וואס פאלט ארונטער פון אן אונגעהויערער הויך. איין סעקונדע האט ער נאך געזעהן מארטשא'ס געזיכט איינגעראהמט אין א פייערדיגע ראד: דאן האט זיך זיין שארבען צושפאלטען, און ער איז אומגעפאלען אויפ'ן קערפער פון זיין הערר, וועלכער האט שוין געציטערט אין דער לעצטער גסיסה.